# „יודענשטאַדט יאַוואָראָוו"

## דער אומקום פון די יאַוואָראָווער אידן

פון שמואל דרוס



אַרויסגעגעבן פון די

אינדעפּענדענט יאַוואָראָווער אַסס'ן

ניו יאָרק 1950

# פאָרוואָרט

דאָס שטעטל יאַוואָראָוו ,אָדער ווי אידען פלעגען עס רופען: יאַוורעווּ, איז איינס פון די הונדערטער אידישע שטעט און שטעטלאך, וואָס דער נאַצישער שטורם האָט אָפּגעווישט פון דער ערד, און געבליבען דערפון איז נאָר אַ הייפעלע שארית הפליטה און דער שיינער זכרון. כדי דער זכרון זאָל ניט פאַרגעסען ווערן מיט׳ן לויף פון דער צייט, און כדי צו פאַרצייכענען פאַר די קומענדיגע דורות ווי אַזוי דאָס דאָזיגע שטעטל איז געשטאָרבען אויף קידוש השם, ווערט אַרויסגעגעבען דאָס איצטיגע בוך.

דער פּראָפעסער, שמואל דרוק, איז אַליין אַ יאַוואָראָווער, כאָטש אין די יאָרן פון דעם חורבן איז ער דאָרט ניט געווען, אָבער ווען דער מבול איז אַריבער האָט ער אויף זיך גענומען די הייליגע אַרבייט צונויפצוזאַמלען די געשיכטע פון דעם אונטערגאַנג פון זיין היימשטאָט, וועלכע ער האָט צונויפגעשטעלט נאָך די בעסטע און ראַיעלסטע פערזענליכע אינפאָרמאַציעס און אַרכיוו־דאָקומענטען. דאָס איצטיגע ביכל איז דער רעזולטאַט.

דאָס ביכל פאַרנעמט זיך אינגאַנצען מיט די יאָרן פון דעם חורבן. דער מחבר גיט בלויז אַ קורץ געפאַסטע סקיצע פון דעם פּנים פון דעם שטעטל ווי עס האָט אויסגעזען האַרט פאַרן חורבן. מיט׳ן ווייטערן עבר פון יאַוואָראָוו פאַרנעמט ער זיך ניט. מ׳דאַרף האָפען אַז אַמאָל וועט נאָך דער דאָזיגער בלויז אויך אויסגעפילט ווערן. וואָרים, יאַוואָראָוו איז געווען גוואַלדיג רייך מיט אַלע שיינקייטן און מיט פאַרבנרייכע פערזענליכקייטן פון אַמאָליגען אידישען לעבן, ווי דאָס רוב אַלטע אידישע שטעט און שטעטלאך פון גאַליציע, און מזרח אייראָפּא בכלל.

אין יאַוואָראָוו האָט געלעבט, און דאָרט געשטאַנען דער קבר פון דעם גרויסען צדיק און מפרש פון נביאים און כתובים. דער **מצודת דוד** און **מצודת ציון, זצ״ל**. עס ווערט דערציילט אַז ער איז געשטאָרבען אויף קידוש השם כדי צו ראַטעווען די יאַוואָראָווער קהילה פון אַן אומגליק. די געשיכטע גייט, אַז **עפּיס אַ שווערער בלבול איז גע־**

מאַכט געוואָרן אויף די אידען פון יאַוואָראָוו, און די גוים האָבען געזאָגט, אַז אויב מ׳וועט זיי ניט אַרויסגעבען די „פאַרברעכער״, וועלען זיי אומברענגען די גאַנצע שטאָט אידן. האָט דער מצודת דוד, און מיט אים דער ראש הקהל, גענומען אויף זיך די אויסגעטראַכטע שולד און מ׳האָט זיי ביידע אומגעבראַכט, און דער צאָרן פון די רשעים איז געשטילט געוואָרן. מען האָט זיי מקבר געווען אינאיינעם, און איין גרויסער אהל איז געשטעלט געוואָרן איבער זיי אויפ׳ן יאַוואָראָווער בית חיים.

דער מצודת דוד זצוק״ל איז געווען נאָר איינער פון אַ גאַנצער ריי גאונים, וואָס זיינען געזעסן אויפ׳ן כסא הרבנות אין יאַוואָראָוו. אַזוי איז דאָרט געווען רב דער גאון ר׳ יואל משה לאַנדוי, אַן אייניקעל פון דעם גרויסן גאון וצדיק, באַוואוסט בכל תפוצות ישראל אַלס דער „נודע ביהודה״ פון פראַג. אויך איז דאָרט געווען רב איינער פון די גרעסטע גאונים פון דעם פאַר׳מלחמה׳דיגן פוילן, ר׳ מנחם מאַניש באב״ד, מחבר פונ׳ם באַרימטען ספר „הבצלת השרון״. פון יאַוואָראָוו איז ר׳ מנחם מאַניש זצ״ל אַריבער צו פאַרנעמען דעם כסא הרבנות אין טאַרנאָפּאָל, און איידער ער איז אַוועק האָט ער אַליין אויסגעקליבען פאַר זיין ממלא מקום אין יאַוואָראָוו דעם גרויסען גאון ר׳ אלימלך פרענקעל-תאומים, דעמאָלט נאָך אַ יונגערמאַן. ר׳ אלימלך זצוק״ל איז געווען דער לעצטער רב פון יאַוואָראָוו. ער איז אומגעקומען אויף קידוש השם אינאיינעם מיט זיין הייליגער קהלה. הי״ד.

ר׳ אלימלך איז דער מחבר פונ׳ם ספר הפל״א אויף דער מסכת נדרים. דאָס ספר האָט באַקומען די הסכמה פון די גדולי הדור פון פוילען. ער האָט אויך געהאַט ביים דרוקער אַ ספר פון שאלות ותשובות דאָס ספר האָט שוין נישט דערזען די ליכטיקע וועלט. עס איז אומגעקומען צוזאַמען מיט׳ן מחבר און זיין קהילה.

ווען אַזעלכע גאונים שטייען בראש פון אַ שטאָט איז פאַרשטענדליך אַז זיי האָבן אַ גרויסן אָנשפּאַר אויף תורה און פרומקייט אין די ברייטע שיכטן פון דער קהלה. און יאַוואָראָוו האָט טאַקע שטענדיג פאַרמאָגט אַ גוואַלדיגע צאָל לומדים און יראי שמים, וועלכע האָבן

באַשיינט דאָס שטעטל מיט זייער לומדות און צדקות. יאַוואָראָוו האָט אויך פאַרמאָגט בעלי מלאכות און סוחרים, וועלכע האָבן זיך אויסגע־צייכנט מיט צדקה און תמימות, און גאַניץ אָפּט אויך מיט גרויס לומדות. צווישן די גלאַנצענדיקע נעמען פון דער שטאָט ווערן שטענ־דיג דערמאָנט מיט יראת הכבוד: ר׳ איצעלע שלמה זיגל׳ס איידים, ר׳ יוסף באַמבאַך, ר׳ איצע למדן, ר׳ משה׳לע אַדלער, און רב מלך דיין, אַלע פון דער גאָר לעצטער צייט, פונ׳ם לעצטען דור יאַוואָראָוווער אידן.

ווען ר׳ איצעלע שלמה זיגל׳ס איז נפטר געוואָרן, האָט מען דעם מת אַריינגעטראָגן אין קלויז און געלייגט אויף דער בימה, און מען האָט אַרויסגענומען אַלע ספרי תורה פון אָרון קודש, און מען איז געגאַנגען הקפות אַרום דעם מת: פון אַזאַ כבוד נאָכ׳ן טויט, קען מען זיך שוין אַ באַגריף מאַכן וואָס פאַר אַ איד דאָס איז געווען ביים לעבען!

געווען אין יאַוואָראָוו אַ באַרימטער מלמד, וואָס האָט מחנך גע־ווען אַ סך יאַוואָראָוווער אידן לתורה ולמעשים טובים. זיין נאָמען איז געווען ר׳ יהודה וואָלף שטרייטפעלד זצ״ל. ווען ר׳ יהודה וואָלף האָט החתונה געהאַט האָט ער גענומען אַ שיינעם נדן, און מיט׳ן ביסל וואָס זיין פאָטער האָט אים געגעבען האָט ער פאַרמאָגט טויזענט רייניש. פאַר יענער צייט, מיט אַן ערך אַכציג יאָר צוריק, איז דאָס געווען אַ סך געלט, און דער יונגערמאַן האָט באַשלאָסן צו גיין אין מסחר. און אַזוי ווי מ׳איז געווען בעלזער חסידים, איז ער געפאָרן צום רבי׳ן ער זאָל אים ווינשען. ווען דער רבי האָט אויסגעהערט זיין פּלאַן און זיין בקשה, האָט ער געזאָגט צו אים:

ניין, גיי נישט אין מסחר. ביי אייך אין יאַוואָראָוו איז ערשט נפטר געוואָרן אַ גוטער מלמד, גיי און ווער אַ מלמד און זיי ממלא זיין אָרט. יאַוואָראָוו נויטיגט זיך אין אַ גוטען מלמד . . .

און אַז דער רבי האָט געהייסן, איז מען געוואָרן אַ מלמד אַנ־שטאָט אַ סוחר. און ר׳ יהודה וואָלף האָט גענומען לערנען מיט צוויי תלמידים, די בעסטע גמרא־קעפּ אין שטאָט. שפּעטער, ווען ס׳איז

ביי אים געבוירן געוואָרן דאָס ערשטע קינד, און דער שכר לימוד פון די צוויי תלמידים האָט שוין ניט געקלעקט אויף היונה, האָט ער צו־גענומען אַ דריטען בהיר. און אַזוי מיט יעדען קינד וואָס איז אים צוגעקומען, איז אים צוגעקומען אַ תלמיד אין חדר.

אין די שפּעטערע יאָרן איז ער מגולגל געוואָרן אין לעמבערג, און דאָ האט ער אין דעם נאַוויריער רבינ׳ס קלויז געלערנט תורה מיט אידישע בעלי־מלאכות. ווען ער איז נפטר געוואָרן —דאָס איז געווען ז׳ טבת תרפ״ו — ווען די בעלי־מלאכות זיינען געגאַנגען צו דער אַרבייט און זיי האָבען דערהערט אַז ר׳ יהודה וואָלף איז ניטאָ מער, האָבען זיי געזאגט: היינטיגען טאָג אַרבייטען מיר ניט . . .

און ווייטער האָבען זיי געזאָגט: אין לעמבערג איז דער מנהג, אַז מ׳פירט די מתים צום בית־עלמין מיט אַ וואָגען, אָבער ר׳ יהודה וואָלפ׳ן וועלען מיר טראָגען אויף די הענט . . .

אָט אַזעלכע אידען האָט יאַוואָראָוו אַרויסגעגעבען! אָבער פון זיי און זייער פאַרבענדרייכען עבר, וואָס האָט שוין געמאַכט דאָס אידישע לעבען און גרויס געמאַכט די אידישע געשיכטע שטענדיג און אומעדום, איז דאָ ווייניג אין דעם טעקסט פון שמואל דרוק. און כדי באַטש פילווייניג ממלא זיין דעם חסרון, איז צו זיין טעקסט צוגעגעבען געוואָרן ווי אַ הוספה אַ קאַפּיטל, געשריבען פון הרב הגאון אדמו״ר ר׳ אלימלך האָרוויץ שליט״א, אַ וואונדערבאַר קאַפּיטל, וואָס גיט אַן אַריינבליק אין דעם לעבען פון היהדות אין יאַוואָראָוו. ס׳איז אַ קאַפּיטל — אַן אבן טוב. אַ מיעוט המחזיק את המרובה.

און איך אַליין, ניט קיין יאַוואָראָווער, בין דאַנקבאַר פאַרן זכות, וואָס איז מיר געגעבען געוואָרן, צוצולייגן אַ פינגער צו דעמדאָזיגען ספר, פריער מיט אַן עצה, דערנאָך מיט׳ן אָנשרייבען דאָס קליינע פאָרוואָרט. ווייל עס איז פון אָנהויב אָן געווען מיין אידעאַל, אַז אונזערע הרוב געוואָרענע שטעט און שטעטלאך זאָלען פאַראייביגט ווערן אויף דעם אופן, ווי דאָס ווערט געטאָן דאָ אין דעם ספר וועגען יאַוואָראָוו הקדושה.

**חיים ליבערמאַן**

ב״ה יום א׳ דחנוכה תש״י, ניו־יאָרק.

# „יודענשטאדט" יאַוואָראָוו

(אַלגעמיינער איבערבליק)

דאָס שטעטל יאַוואָראָוו ליגט ביים טייך שקלאָ, אַרום 50 קילאָמעטער אויף מערב פון לעמבערג. דאָ האָבן געלעבט אַן ערך 2500 יידן, פון וועלכע די מערהייט האָט זיך פאַרנומען מיט האַנדעל (ערד־פּראָדוקטן, אייער־עקס־פּאָרט, האָלץ א. א. וו.). אין יאַווערעוו, ווי אויך אין דער גאַנצער געגנד זענען קיין פאַבריקן ווי אויך אַנדערע אינדוסטרי אַנשטאַלטן נישט געווען. אין שטעטל איז געווען 4 מיטלשולן אין וועלכע ס'האָט שטודירט אַ גרויסע טייל פון דער יידישער יוגנד. אַהער פלעגן אויך קומען יונגע לייט פון פאַרשידענע שטעטלעך פון מזרח־גאַליציען בכדי דאָ צו לערנען אין די גימנאַזיעס און אין די לערער סעמינאַרן.

יאַווערעוו איז אַ באַקאַנטע היסטאָרישע שטאָט. דאָ האָט אַ לאַנגע צייט געוואוינט דער קעניג יאַן סאָביעסקי, נאָך וועלכען עס זענען אין שטאָט גע־בליבען פאַרשידענע אַנדענקונגען, ווי למשל, די באַרימטע שול, וועלכע דער קעניג האָט אויפגעבויט און וועלכע איז צענומען געוואָרן נישט לאַנג פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אויף איר אָרט האָבן די יאַווערעווער יידן אויפ־געשטעלט אַ מאָנומענטאַלע שול, וועלכע איז אינערווייניג געווען זייער רייך אויסגעשטאַט. אין יאַוואָראָוו האָט געלעבט דער מחבר און מפרש אויף תנ"ך ר' יחיאל אלטשול באַוואוסט איבער דער גאַנצער וועלט אַלס דער „מצודת דוד" און „מצודת ציון". דאָ האָבן יידן געלעבט פון אוראַלטע צייטן. אינ'ם דאָרף ברוכנאַל אין יאַוואָראָווער קרייז האָט מען אַנטדעקט שפורן פון אַ גרויסן יידישן ישוב פון פאַר יאָר־הונדערטער.

יאַוואָראָוו איז געלעגן אויפ'ן שליאַך פון די טאַטאַרישע צוגן, וואָס ס'האָט זיך אין יענער צייט שטאַרק אבגעשלאָגן אויף דעם דאַמאָלסטיקן יידישן ישוב. די שטאָט האָט אויך שטאַרק געליטן אין דער צייט פון כמיעלניצקי'ס אויפ־שטאַנד.

די תקופה צווישן די צוויי וועלט מלחמה'ס איז נישט געווען קיין גינסטיקע פאַר די יאַוואָרעווער יידן. זיי האָבן שטאַרק געליטן פונ'ם נאָכ־מלחמה'דיקן קריזיס, און זיינען אין אַ שנעלן טעמפּאָ פאַראָרימט געוואָרן. די דאַמאָלסדיקע פּוילישע עקאָנאָמישע פּאָליטיק האָט שטופּענוויז ליקווידירט דעם באָדן, אויף וועלכן דאָס יאַווערעווער יידנטום האָט זיית יאָרן עקזיסטירט.

די יוגנד האָט נישט געהאַט וואוהין צו עמיגרירן, און האָט געמוזט בלייבן אין שטעטל, נישט האָבנדיק קיין פאַרדינסט מעגליכקייטן, אַחוץ איינצלנע יונגעלייט, וועלכע עס איז געלונגען זיך איינצואָרדנען אין יאַוואָראָוו גופה אָדער אין אַנדערע שטעט. אַ גרויסע צאָל יוגנט מיט געענדיקטע אוניווערסי־טעט שטודיען האָט נישט געקאָנט גרייכן קיין עקזיסטענץ. די מערהייט פון דער יאַווערעווער יוגנט איז געווען אַ חסידישע, וועלכע איז געגאַנגען מיט אַנדערע וועגן, וואָס האָט אָבער נישט געקאָנט מילדערן דעם שאַרפן קריזיס אין דעם פּראָצעס פון פּאַופּעריזאַציע. נישט געקוקט אויף דעם אַלעם האָט די יאַוואָראָווער יוגנט געלערנט און זיך אָפּגעגעבן דער אידעאישער אַרבעט פון פאַרשידענע פּאָליטישע און סאָציאַלע ריכטונגען און האָט געוואַרט אויף בעסערע צייטן.

אין לאַנד האָט געבושעוועט דער אַנטיסעמיטיזם, אָבער דאָ אין יאַוועָ־רעוו האָט ער זיך אַ לאַנגע צייט נישט געלאָזט פילן און יידן האָבן גוט גע־לעבט מיט די דאָרטיקע פּאָליאַקן און אוקראַינער, אגב די אוקראַינער, וועלנ־דיק פאַרשטאַרקן זייער פּאָזיציע אין שטאָט ווי אויך אין גאַנץ מזרח־גאַליציע, האָבן ביסלעכווייז אַרויסגענומען פאַרשידענע אונטערנעמונגען און עקאָ־נאָמישע פּונקטן פון יידישע הענט. די אוקראַינער האָבן אפילו אַ צייט (1924־1928), געשטרעבט זיך צו פאַרשטענדיקן מיט די יידן, בכדי צו שאַפן אַ שותפות־פראָנט קעגן די אָפיציעלע בעלי־בתים פון לאַנד. די אידעע פון שאַפן אַ פאַרשטענדיקונג מיט די יידן האָבן די אוקראַינער דיסקוטירט אַ צייט אין זייער אָרטיקער פּרעסע און האָבן געפּרואווט אריינציען יידן אין דער דיסקוסיע ווי אויך צו מיטאַרבעט. דער דאָזיקער פּרווו האָט זיך אויך אָפּגע־שפּיגלט אינ׳ם לעמבערגער אוקראַינישן ליטעראַרישן בלאַט „ליטעראַטורני וויסטי“ אין וועלכן (אונטער דער השפעה פונ׳ם מעטראָפּאָליט שעפּטיצקי און דעם באַרימטן אוקראַינישן מאָלער אַלעקסאַנדער נאָוואַקאָווסקי), מען האָט אַ לענגערע צייט פּאָלעמיזירט אַרום דעם פּראָבלעם. די יאַוואָראָווער יידן האָבן, פאַרשטענדליך, נישט געקאָנט גיין מיט דעם וועג, וועלכן די אוקראַינער האָבן זיי אָנגעוויזן. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס קאָן זיי קיין שום פּאָליטישן ווי אויך עקאָנאָמישן נוצן נישט ברענגען.

יאַווערעוו האָט געהאַט אַרום 11.000 איינוואוינער, פון וועלכע מער ווי אַ העלפט (6000) זענען געווען אוקראַינער. דאָס האָט גורם געווען, וואָס יאַווערעוו האָט נישט געהאַט קיין אויסגעשפּראָכענעם יידישן כאַראַקטער ווי למשל בעלז, ראַווא־רוסקאַ און אַנדערע מזרח־גאַליצישע שטעטלעך. יאַווערעוו איז געלעגן אין אַ שיינער וואַלדיקער געגנד און די דאָרטיקע יידן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ כאַראַקטעריסטישע רואיגקייט. דאָ האָט מען נישט געקאָנט באַמערקן די רירעוודיקייט און האַנדל אונטערנעמונגס קראַפט, וועלכע האָבן כאַראַקטעריזירט אַנדערע שטעטלעך אין מזרח־גאַליציע.

דוקא דאָס שטעטל יאַווערעוו (ווי אויך אַ געוויסע צאָל אַנדערע שטעט אין קליינפוילן) האָט אויסדערוויילט דער ס.ס.־גענעראַל קאַצמאַן און דאָ געשאַפן אַ „יודענשטאַדט“. אינ׳ם יאָר 1942 האָט מען אַהער צוזאַמענגעטריבן די רעשטלעך לעבן־געבליבענע יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער וועלכע מען האָט שוין פריער געמאַכט „יודענפריי“. יאַווערעוו איז געוואָרן „יודענפריי“ ערשט סוף אַפּריל 1943. היינט געהערט יאַווערעוו צו דער אוק־ראַינישער סאָוויעטישער רעפּובליק. די פּאָר צענדליק לעבן־געבליבענע יידן ווי אויך די פּאָליאַקן האָבן פאַרלאָזט דאָס שטעטל.

---

נאָך קורץ פאַר דער מלחמה, איז דאָס לעבן פון יידן אין יאַווערעוו געגאַנגען מיט׳ן ביזאַיצטיקן, אַלטן שטייגער. עס האָט אַיעדן טאָג מער צו־געדריקט דעם ייד, וועלכער איז מאַטעריעל געפאַלן, און האָט געוואַרט אויף אַ נס. וועלכער האָט געזאָלט זיין לעבענסשטייגער פאַרבעסערן. די וואָלקענס, וועלכע האָבן זיך אָנגעזאַמעלט איבער דער וועלט, האָבן אָבער פאַרדעקט אויך דעם יאַווערעווער הימל, אויף וועלכן די זון האָט שוין מער נישט געזאָלט אויפשיינען פאַר די דאָרטיקע יידן.

ס׳איז געקומען סעפּטעמבער 1939.

---

## קאַפּיטל 1.

דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939, פֿאַרטאָג איז אַ דייטשע באָמבע, וועלכע איז געווען אויסגעצילט אויף דער גרויסער שול, געפֿאַלן און אויפֿגעריסן אין יידישן פּערטעל און געהרגעט אַרום 30 יידן, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך געפֿונען די משפּחה שילדהאָרן און רומעלט. די דייטשע פֿליהערס, נאָכיאָגנדיק די אַנטלויפֿנדיקע אבטיילן פֿון פּוילישן מיליטער, האָבן באָמבאַרדירט די גאַנצע שטאָט. ס'איז דאַמאָלס פֿאַרברענט געוואָרן די פֿאָרשטאָט נאַקאָנעטשנע, די יוראַ און שאָשקיעוויטשא גאַסן און אַ טייל פֿון דער גרעבלע — דעם 11טן סעפּטעמבער 1939 זיינען אַריין קיין יאַווערעוו די ערשטע דייטשע פּאַטראָלן. די דערשראָקענע יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ווי עמיץ האָט געקאָנט און אַ לענגערע צייט זיך נישט געוויזן אויף דער גאַס. אַרום 9 אַ זייגער אין דער פֿרי איז אָנגעקומען אין שטעטל די רעגולערע אַרמיי. די דייטשן האָבן באַלד אָנגעהויבן כאַפּן יידן. אַזוי ווי מ'האָט אין די גאַסן קיין יידן נישט געזען, האָבן זיי זיך ברוטאַל אַריינגעריסן אין יידישע וואוינונגען פֿונוואַנען זיי האָבן אַרויסגעשלעפּט די באַהאַלטענע יידן און זיי מערדעריש געשלאָגן, ביז צום בלוט. די דייטשן האָבן פֿאַרזאַמלט די געכאַפּטע יידן אויף פֿאַרשידענע זאַמל־פּונקטן. פֿון דאַנען האָט מען זיי גרופּנווייז געשיקט וואַשן דייטשע אויטאָס. מ'האָט בשעת מעשה אויסגעריסן אָדער אָבגעשניטן די יידן די בערד, אויסגעגאָלט צלמים אויף די קעפּ און געצוואונגען צו קוקן שעה'ן־לאַנג אין דער זון אַריין . . .

אַרום האַלב פֿיר נאָך מיטאָג האָט מען דערהערט אין יידישן פּערטל אַ שטאַרקן אויפֿרייס. ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז די דייטשן האָבן אין שול אַ.נטערגעלייגט אויפֿרייס מאַטעריאַל. ס'איז אויסגעבראָכן אַ שרפֿה, וועלכע האָט באַלד ארומגענומען די גאַנצע שול. די דייטשן מיט דער הילף פֿון דער אוקראַינישער נאַציאָנאַלער מיליץ, וועלכע איז אין דעם טאָג אָרגאַניזירט געוואָרן, האָבן צוזאַמענגעטריבן די יידן צום אָרט פֿון דער שרפֿה. דאָ האָט מען זיי געצוואונגען צוזאַמענצוטראָגן פֿון אַלע אנדערע בתי תפֿלה ספֿרי תורה'ס, ספֿרים, ארוני קדשים, בענק, טישן און די גאַנצע איינריכטונג, אין שול אריין. אין די יאַווערעווער בתי־תפֿלה זיינען געווען אַרום 100 ספֿרי תורה'ס, וועלכע זיינען דאַמאָלס פֿאַרברענט געוואָרן. גלייכצייטיק האָט מען אַ גרויסע גרופּע יידן געטריבן נאָך וואַסער. די אוקראַינער, לאַכנדיק און לעסטערנדיק האָבן איינגעשפּאַנט די יידן צו די פֿייערלעשער וועגן און מיט שלאָגן געצוואונגען זיי צו לויפֿן נאָך וואַסער צום טייך ביי דער וויטישקע,

א האַלבן קילאָמעטער ווייט פון דער שרפה. גיך, אָן אָטעם, האָבן די יידן צוגעשלעפּט פּעסער מיט וואַסער מיט וועלכן מ׳האָט באַגאָסן די שכנה׳סדיקע הייזלעך. די ברענענדיקע שול גופא האָבן די דייטשן נישט געלאָזט לעשן. ווען דאָס פייער האָט זיך אין די אָוונד שעה׳ן פאַרקלענערט, האָבן די אוקראַינער אָנגעשטעלט די שטראָמען וואַסער אויף די יידן, וועלכע זענען געזעסן אויף די שכנה׳סדיקע הייזלעך, ווײַלנדיק זיך אַזוי אַרום נאָך דער „אַרבעט" פון אַ גאַנצן טאָג. און די יידן, וועלכע זיינען געשטאַנען ביי דער שול האָבן די דייטשן געהייסן זינגען תפלה נגינים. דער שוחט ר׳ שמעלקע, נישט קאָנענדיק איבערטראָגן אַזאַ חלול השם האָט זיך געוואָרפן מיט אַ ספר־תורה אין פייער אַריין, אָבער מ׳האָט אים פון׳ם פייער אַרויסגעשלעפּט. דאַן האָבן זיי אָנגעשטעלט אַ מיקראָפאָן, אין וועלכן די יידן האָבן געמוזט ערקלערן אַז זיי האָבן אַליין פאַרברענט זייערע הייליקייטן. דערביי האָבן די דייטשן געלאַכט, געשפּעט און געזונגען: „ראַכעלע וואָ איזט דיין גאָט?" — דער „אונטערהאַלט" פון די דייטשן און אוקראַינער האָט זיך געענדיקט אַרום האַלבער נאַכט.

מיט צוויי טעג שפּעטער האָט זיך אין יאַווערעוו באַוויזן די געסטאַפּאָ. באַלד נאָכ׳ן אָנקומען אין שטאָט האָבן זיי מיט דער הילף פון דער אוקראַינישער מיליץ, מיט געל־בלויע בענדלעך אויף די אָרעמס, צונויפגעזאַמעלט אַ גרויסע גרופּע יידן, אַלטע און יונגע, און זיי אַריינגעטריבן אין הויף פון׳ם מאַגיסטראַט. דאָ האָט מען אַלע געהייסן זיך אויסדרייען מיט׳ן פּנים צו די ווענט. די יידן זיינען געווען איבערצייגט, אַז איצט איז געקומען זייער לעצטע שעה. האָבנדיק זיך שוין גענוג אָנגעזעטיקט מיט׳ן טויט־שרעק פון די יידן האָבן די דייטשן מיט די אוקראַינער אָנגעהויבן מיט זיי „גימנאַסטישע איבונגען". מ׳האָט זיי געטריבן אַרום און אַרום דעם הויף, געהייסן קריכן און שפּרינגען אויף אַלע פיר און דערביי איעדן באַזונדער געשלאָגן ביז בלוט. דעם קליינעם, 10 יעריקן, אפרים בראָך האָבן די דייטשן אַריינגעזעצט אין אַ קאַסטן און אים פאַרשיט מיט מיסט און נאָך אַ לענגערע צייט אים אויפגעגראָבן. דאַן האָבן זיי איעדן אויסגעגאָלט אַ צלם אויפ׳ן קאָפּ. אַ טייל פון די פאַרזאַמלטע האָבן זיי איינגעזעצט אין דער שטעטישער תפיסה און דערביי מערדעריש געשלאָגן. צווישן אַנדערע האָבן זיי דאַמאָלס צעשלאָגן און פאַרוואונדעט דעם אַלטן דאָקטאָר שאול יאַהר, דעם לערער געדאַליע פּאָמעראַנץ, מייער באַראַן, פּנחס דייטש, אַלטער זומף, וועלכער איז באַלד נאָך דעם געשטאָרבן, שמעון שטראַסבערג, לייב מאַרבאַך, סענדאָר בלום, לייזער ווימער און אברהם לאַנדעס. צום סוף האָט מען די פאַרזאַמלטע יידן איבערגעלעזן אַ פאַראָרדנונג, אַז אויב ביז 3 טעג וועלן די יידן נישט פאַרלאָזן יאַווערעוו, וועט מען זיי אַלע אויסשיסן. די דייטשן האָבן גענומען 40 ערוב׳ניקעס און די איבריקע געלאָזט אַ היים.

אין דער זעלבער צייט האָבן די שטעטישע אוקראַינער, יום־טוב׳דיק אָנגעטאָן, שפּאַצירט איבער די גאַסן און זיך צוגעקוקט צו די געשעענישן, און די דאָרפישע גוים האָבן געפּלינדערט און געראַבעוועט די יידישע שטובן און געוועלבער.

ראש השנה איז אַדורך רואיק, ווייל די דייטשן זיינען געווען פאַרנומען מיט דער פּוילישער קאָנטער־אָפּענסיווע פון דער זייט פון גרודעק יאַגיעלאָנסקי, אַזוי, אַז זיי האָבן אפילו פאַרלאָזט די שטאָט אויף אַ גאַנצן מעת־לעת.

מאָנטיק, נאָך ראש השנה, האָבן די דייטשן געוועלט פאַר׳ן בירגערמייס־טער פון שטאָט דעם אוקראַינישן אַדוואָקאַט, ד״ר האַלושטשאַק, דעם געוועזע־נעם אָנפירער פון די אוקראַינישע ראַדיקאַלן אין יאַווערעוו. גלייכצייטיק האָבן די אוקראַינער ארויסגעשטעלט אין אַלע יידישע געשעפטן אויפשריפטן אין דייטשער און אוקראַינישער שפּראַך, אַז זיי געהערן נישט מער צו די ביז־איצטיקע אייגענטימערס, נאָר צום אוקראַינישן קאָמיטע. איצט האָט מען זיך מער נישט גערעכנט מיט׳ן ייד. איעדן, וועלכן זיי האָבן צופעליק געטראָפן אין גאַס האָבן זיי מערדעריש געשלאָגן און געפּייניקט אויף אַן אונמענשליכן אופן. מען האָט זיי למשל, געצוואונגען צום וואַשן די אַבאָרטן מיט די הענט א. א. וו. די געסטאַפּאָ־לייט זיינען געלאָפן אין יידישע הייזער און דאָרט רוצחיש געשלאָגען די געטראָפענע איינוואוינער. אַזוי זיינען זיי למשל, אַריינ־געפאַלן אין די וואוינונג פון מלך מאַנבער, אים מיט׳ן זון ישראל אַרויס־געשלעפּט אין גאַס און פאַרלאַנגט, אַז ביז 15 מינוט זאָלן זיי באַזאָרגן אַ ראַדיאָ אַפּאַראַט, אייב נישט, וועלן זיי געשאָסן ווערן. זיי האָבן געפירט די מאַנבערס פון שטוב צו שטוב, זיי זאָלן אָנווייזן ווער ס׳האָט באַהאַלטן אַ ראַדיאָ, אָבער, פאַרשטענדלעך, האָבן זיי אים נישט געקאָנט געפינען. דעם אָפיציר, וועלכער האָט זיי געפירט האָט מען באַלד צוריקגערופן, אָבער מלך מאַנבער מיט׳ן זון האָט מען פאַרהאַלטן נעבן דער אַפּטייק. דאָ האָט מען זיך געהייסן אַנידער קניען און איינער דעם צווייטן שערן די האָר פון קאָפּ און אַריינפּאַקן זיי אונטער די העמדער. דאַן האָט מען זיי געטריבן ווייטער דראַ־הענדיק זיי מיט שיסן.

לויט דער פאַראָרדנונג האָבן די יידן געזאָלט פאַרלאָזן די שטאָט דאָ־נערשטיק, אָבער דעם טאָג האָט מען זיך דערוואוסט, פאַרשטייט זיך, נישט אָפיציעל, אַז די רויטע אַרמיי דערנענטערט זיך און אַז די סאָוויעטיש־דייטשע דעמאַרקאַציע גרעניץ ווערט איבערגערוקט אויפ׳ן סאַן אין פּשעמישל. די געסטאַפּאָ און די אוקראַינישע מיליץ האָבן טיילווייז געענדערט זייער פאַר־העלטניש לגבי די יידן, וועלכע מ׳האָט ווייטער געטריבן צו דער אַרבעט, אָבער מ׳האָט זיי שוין אַזוי נישט געפּייניקט ווי פריער. דאָס אַרויסטרייבן די יידן שטאָט איז בטול געוואָרן.

אין די צוויי וואָכן פון דער דייטשער ממשלה אין יאַווערעוו, וועלכע זענען געווען ווי אַ פּראָלאָג צו דער שפּעטערדיקער טראַגעדיע פון יאַווערע־ווער יידנטום, האָט די שטאָט געהאַט צוויי קרבנות. אין אַ געוויסן טאָג האָט די געסטאַפּאָ אַרעסטירט דעם אַדוואָקאַט פיליפּ גוטמאַן און חיים לאַנג און זיי אַוועקגעפירט. אַ לאַנגע צייט האָט מען נישט געוואוסט וואָס מיט די צוויי יידן איז געשען. נאָך לאַנגע זוכענישען האָט מען זייערע קערפּערס געפינען אין פאַרודענקער וואַלד ערשט פרילינג 1940. ס'האָט זיך אַרויסגע־וויזען אַז מ'האָט זיי באַגראָבן לעבעדיקערהייט. לויט די גבועת עדות פון ד"ר גוטמאַנ'ס פרוי איז שולדיק אין דעם פאַרברעכן דער אוקראַינישער אַדוואָקאַט פון יאַווערעוו ד"ר פילץ.

נאָך דעם צוויי וואָכדיקן בעל־בית'עווען פון די דייטשען אין יאַווערעוו, איז דעם 25 סעפּטעמבער 1939 אַריינגעקומען אין שטאָט די רויטע אַרמיי. צוזאַמען מיט איר זענען צוריקגעקומען די יעניקע יידן, וועלכע זענען פאַר דער דייטשער אינוואַזיע אַנטלאָפן צו דער סאָוויעטישער גרענעץ.

---

אין דער תקופה 1939־1940, אונטער דער סאָוויעטישער הערשאַפט, האָט זיך דאָס יאַווערעווער יידנטום פאַרגרעסערט ביז 3000 נפשות, ווייל אַהער זענען אָנגעקומען אַסך פליטים פון מעריב־גאַליציע. אַ טייל אוקראַינישע מיליציאַנטן האָבן די סאָוויעטן באַשטראָפט פאַר פייניקען יידן אונטער די דייטשן. אין דער תקופה זיינען די יידן צום רעשט מאַטעריעל געפאַלן און אַ געוויסע צאָל רייכערע יידן האָט די סאָוויעטישע מאַכט נאַציאָנאַליזירט (ווי למשל מלך מאַנבער, וואָלף בראָך, ברוך האַס, לייזער ליפשיץ, נח טעלער, מאָריץ שלאָגער, שולים וואסנער און די פאַמיליע אַלטשילער). אַ טייל פון די „נאַציאָנאַליזירטע" ווי אויך פון די פליטים האָט די סאָוויעטישע מאַכט אַרויס־געשיקט קיין סאָוויעט־רוסלאַנד. די באַגריפן און די וועלט־אַנשויאונג פון יאַווערעווער יידן און בפרט פון דער יוגנט האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט. די יוגנט, וועלכע האָט ענטוזיאַסטיש אויפגענומען די אַריינקומענדיקע רויטער אַרמיי, האָט זיך באַלד געשטעלט צו דער אַרבעט אין די אַמטן און אין די פאַרשידענע אַנשטאַלטן. דאָס יידישע לעבן האָט ווידער אָנגענומען רוהיגע און נאָרמאַלע פאָרמען. די יידן האָבן געגלויבט, אַז דער ערשט נישט לאַנג איבערגעלעבטער קאָשמאַר וועט שוין קיינמאָל מער נישט צוריקקומען. — ווען אָבער אין יוני 1941 איז אויסגעבראָכן די סאָוועטיש־דייטשע מלחמה האָט אַ גרויסע פּאַניק און טויט־שרעק אַרומגענומען דאָס יאַווערעווער יידנ־טום. — די דייטשן האָבן גיך ווי אַ בליץ זיך דערנענטערט צו דער שטאָט. זייערע עראָפּלאַנען האָבן באָמבאַרדירט און פאַרברענט דעם סאָוויעטישן פלי־פעלד אויף דעם זאַוואַדאָווער וועג און די אונטערערדישע בענזין מאַגאַ־

זינען אין סמולסקי'ס וועלדעל.. די יידן, וועלכע האָבן גוט געדענקט די דייטשע ערשאָפּט האָבן זיך געפינען אין אַ פאַרצווייפעלטע לאַגע, פון וועלכער ס'איז קיין אויסגאַנג נישט געווזן. וואָס טוט מען? אַנטלאָפן איז נאָר אַ קליין הייפל יונגע־לייט, וועלכע האָבן זיך געהאַט אָפּגערעכנט מיט די אוקראַינער, אָדער וועלכע האָבן ביי די סאָוויעטן געהאַט שטעלעס אין דער אַדמיניסטראַציע. די יוגנד איז אַנטלאָפן מיט די אָבטיילן פון דער רויטער אַרמיי, וועלכע זיינען כאַאָטיש געגאַנגען אין דער ריכטונג פון לעמבערג. אַ טייל יונגע־לייט האָט מען מאָביליזירט צו דער רויטע אַרמיי. אַ סך פון די אַנטלאָפענע זיינען אָבער צוריקגעקומען קיין יאַוואָראָוו פון אונטער זלאָטשעוו און אפילו פון אונטער טאַרנאָפּאָל. זיי האָבן נישט געקאָנט גיין ווייטער, ווייל די דייטשן האָבן באָמבאַרדירט און באַשאָסן די אַנטלויפנדיקע. אַ חוץ דעם האָט מען די אַנט־ל יפנדיקע נישט אַדורך געלאָזט דורך די אַלטע סאָוויעטיש־פּוילישע גרענעץ און מ'האָט זיי געכאַפּט אין די סאָוויעטישע אַרבעט־באַטאַליאָנען, וועלכע מ'האָט צוריקגעשיקט צום פראָנט. נאָר איינצעלנע איז געלונגען זיך אַדורכ־צורייסן קיין רוסלאַנד. אַ גרופּע צוריקגייענדיקע יאַווערעווער יידן האָבן די אוקראַינער באַפאַלן אין דער געגנט פון סטראַטש, זיי צעשלאָגן און אַלעס צוגענומען (דאַרונטער שאול שוואַרץ און קלאַרפעלדן). די צוריקגעקומענע יידן האָבן דערציילט גרויזאַמע פּרטים פון די פּאָגראָמען אין זלאָטשעוו, טאַרנאָפּאָל און לעמבערג.

מיטוואָך, דעם 25־טען יוני 1941 6 אַ זייגער אין דער פרי זיינען די דייטשן אַריינגעקומען קיין יאַווערעוו.

---

## קאַפּיטל 2.

די דייטשן, וועלכע זיינען אַריינגעקומען קיין יאַווערעוו, האָבן נאָך די איקראַינער אויפגענומען מיט גרויס פרייד. די אוקראַינישע יוגנד, יום־טוב'דיק אָנגעטאָן, איז ארויס מאַסנווייז אין די גאַסן און האָט באַוואָרפן דאָס דורכ־גייענדיקע דייטשע מיליטער מיט בלומען. צוזאַמען מיט די דייטשן זיינען צוריקגעקומען קיין יאַווערעוו די יעניקע אוקראַינער, וועלכע זיינען נאָך אין יאָר 1939 אַנטלאָפן קיין דייטשלאַנד. דאַמאָלס איז אויך צוריקגעקומען אַ געוויסער סמוק, וועלכער האָט באַלד אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די אוק־ראַינישע מיליץ.

די יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן און נישט געוויזן אין גאַס. אין אַ פּאָר שעה'ן אַרום האָט מען די יידן באַפוילן צו שיקן זייערע פאָרשטייער צום אָרטסקאָמענדאַנט. באַלד איז צו אים געקומען אַ דעלעגאַציע פון פאָלגענדיקע יידן: סענדאָר בלום, לייב מאַרבאַך, חיים שטריך, דוד באַדיאַן, לייזער ווימער, יהושע מרגליות, אהרן ליטמאַן, ישראל גראַמאַן און שלמה שטראַסבערג. דער אָרטסקאָמענדאַנט, אַ סלאָוואַק, מיט'ן נאָמען האַלוב האָט באַפוילן דער דעלע־גאַציע צו שאַפן אַ יידישן קאָמיטע און אַ מיליץ, וועלכע זאָלן אָנפירן מיט'ן יידישן לעבן אין שטאָט און ערלעדיקן אַלע יידישע ענינים לויט דער נייער אָרדנונג, צושטעלן די דייטשן יידישע אַרבעטער אויף יעדן פאַרלאַנג און אין א פאַרלאַנגטער צאָל, ווי אויך צוזאַמענגעמען פאַר זיי קאָנטריבוציעס, קאָנטיגענטן, שטייערן, אָבצאָלן און אַזוי ווייטער. אין פאַל ווען אַ פאַרלאַנג וועט נישט דערפילט ווערן — האָט פאַרענדיקט האַלוב די אוידיענץ — וועט דער קאָמיטע פאַרענטפערן מיט'ן קאָפּ. ער האָט באַלד געשטעלט אַלס פאָר־זיצער פונ'ם קאָמיטע — יואל פוס, און אַלס קאָמענדאַנט פון דער מיליץ, — דוד באַדיאַן. אין יידישן קאָמיטע זיינען דאַמאָלס געוועלט געוואָרן צווישן אַנדערע: שלמה הענער, לייזער ווימער, מיניע גילס, יעקב ווינטער, יהושע מרגליות, שלמה שטראַסבורג, אהרן ליטמאַן, ישראל גראַמאַן, לייב מאַרבאַך, חיים שטריך — און צו דער מיליץ האָט מען אויסגעקליבן 20 יונגעלייט, ווי בענעק שטראַוס, הערש גרינשטיין, שמעון קאניגעל, זישע ליפשיץ, סעווער קירשבאום און אנדערע. גלייכצייטיק האָט דער אָרטסקאָמענדאַנט פאַראָרדנט, אַז אויף יעדן יידישן הויז זאָל מען אַרויסהענגען אַ מגן־דוד. אין דער זעלבער צייט האָט מען געשאַפן אַ נייע שטאָט־פאַרוואַלטונג. אַלס בירגערמייסטער האָבן די דייטשן געשטעלט דעם אוקראַינישן לערער קמעטיק און אַלס סטאַראָסטע אַ געוויסן פאַסלאַווסקי, וועלכער האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן אַלס אַ גרויסער צורר היהודים.

דעם פינפטן טאָג נאָך דעם אַריינקומען פון די דייטשן האָבן די יאַוואָ־רעווער יידן אַדורכגעלעבט די ערשטע טראַגעדיע. דער אוקראַינישער שטאָט־ראַט האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ ליסטע פון 150 יידן, וועלכע האָבן געזאָלט באַלד ליקווידירט ווערן. די אוקראַינער, וועלכע האָבן די ליסטע צוזאַמענ־געשטעלט האָבן אויסגעקליבן אַזעלכע יידן, צו וועלכע זיי האָבן געהאַט אַ פערזענליכן האַס אָדער אַ נקמה־געפיל. די ליסטע, וועלכע איז געוועזן אונ־טערגעשריבן פונ'ם סטאַראָסטע פּאָסלאַווסקי, האָט מען געפונען אינ'ם אַרכיוו פונ'ם יאַוואָרעווער שטאָט־ראַט נאָכ'ן באַפרייען פון יאַוואָרעוו דורך דער רויטער אַרמיי. דערווייל האָבן די דייטשן פון דער ליסטע גענומען 12 יידן: דעם אינזשעניר קירשבוים, פישל אַדלער, משה'לע שטראַסבערג, יצחק שוואַרץ, משה בויער, מוניע זיילער, יצחק קרייביק, מאיר ראָץ, מאיר גער־סטענפעלד, שלאָף, משה פּאָמעראַנץ און משה זויערברון. די 12 יידן האָט מען גענומען כלומר'שט אויף אַרבעט. די יאַוואָרעווער יידן זיינען מיט דעם ענין געווען זייער צערודערט, זיי האָבן פאָרויסגעזען אַ אומגליק. לויט דער ליסטע האָבן די דייטשן געזוכט אויך אַנדערע יידן, אָבער דערווייל האָט מען מער נישט געפונען. די אויסגעוויילטע גרופּע האָט מען אויפגעלאָדן אויף אַן אויטאָ און אַוועקגעפירט אין וואַלד אַריין אויף דער קורעווקע ביים וועג, וואָס פירט קיין ברוכנאַל, און דאָרט האָט מען זיי פאַרפייניגט צום טויט. דעם אַרעסט פון דער גרופּע ווי אויך די עקזעקוציע האָבן דורכגעפירט עטליכע געסטאַפּאָ־לייט וועלכע זיינען צופעליק דורכגעפאָרן דורך יאַוואָרעוו. ס'איז כאַראַקטע־ריסטיש אַז זיי האָבן גערעדט פויליש. די יאַוואָרעווער יידן האָבן אַ לאַנגע צייט נישט געוואוסט וואָס ס'איז געשען מיט די 12. זייערע קרובים האָבן זיי געזוכט אומעטום ביז מען האָט נאָך 5 וואָכן, זייערע קערפּערס געפונען אין וואַלד, אונטער אַ באַרג זאַמד. דער „יודענראַט״, ווי מ'האָט איצט גערופן דעם יידישן קאָמיטע, האָט שפּעטער אויסגעפועלט ביים אָרטסקאָמענדאַנט האַלוב, מ'זאָל די פאַרפייניגטע ערלויבן צו באַערדיקן אין באַזונדערע קברים. מ'האָט אפילו פאַרבאַרייט פאַר אַלע באַזונדער אַן ארון. אין דער אַנוועזנהייט פון דייטשן און קרובים פון די דערמאָרדעטע, האָט מען זיי אַרויסגענומען פונ'ם ברודער־קבר, אין וועלכן אַ חוץ די יידן האָט מען געפונען 2 סאָוויעטישע זעלנער, וועלכע האָבן בשעתו נישט געקענט אַנטלויפן פון יאַוואָרעוו. די פאַרפייניגטע זיינען געלעגן נאַקעטע, אין אומנאַטירליכע פּאָזיציעס. די פיס ביי אלע זיינען געווען געבונדן מיט דראָט . . .

באַלד נאָכ'ן שאַפן פונ'ם יודענראַט האָט ער זיך באַזעצט אין טעללערס הויז אין מאַרק. אַ יעדן טאָג 6 אַ זייגער אין דער פרי, פלעגן דאָ וואַרטן 400 יידישע אַרבעטער, וועלכע מ'האָט פאַרטיילט, לויט'ן פאַרלאַנג פון דער דייטשער אַדמיניסטראַציע, צו פאַרשידענע אַרבעט: רייניקן די שטעטישע אַבאָרטן, קערן די גאַסן, האַקן שטיינער און אנדערע וועג־אַרבעטן. די שווער־

סטע און געפערליכסטע אַרבעט איז געווען דאָס קלויבן און זאַמלען אויף די פעלדער דאָס קריגס־מאַטעריאַל און קריגס־מאַשינען. אין דאָרף וואולקאַ־ראָסנאָווסקאַ, 8 קילאָמעטער פון יאַוואָראָוו. אויף דעם וועג קיין קראַקאָוויעץ, זענען געשטאַנען באַראַקן, וועלכע די סאָוויעטן האָבן אויפגעבויט. דאָ האָבן די דייטשן געזאַמלט אַמוניציע, צעבראָכענע מאַשינען און פאַרשידענע מילי־טערישע מכשירים, וועלכע זענען געבליבן אויף די אַרומיקע פעלדער נאָך די קאַמפן ביי יאַווערעוו. אַ יעדן טאָג האָט מען אַהער געשיקט 120 יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן אונטער דער אָנפירונג פון 1 געסטאַפּאָוויעץ, געקליבן אויף די פעלדער קעסטלעך מיט אַמוניציע, טיילן פון מאַשינען אַ. אַז. וו. שווערע קאַסטענס מיט נאָך נישט אויפגעריסענע גראַנאַטן האָט געמוזט אויפ־הויבן איין מאַן. די אַרבעט ביי דער אַמוניציע האָט געדויערט 12 שעה אַ טאָג אָן אָפּרוה, און אָן עסן. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע, איבערדעם פלעגן אָנפאַנגס נישט אַלע 120 קומען צו דער אַרבעט. אין אַזעלכע פאַלן איז דער אַרבעטס־פירער אַריינגעפאָרן אין שטאָט, אַרומגעגאַנגען אין די יידישע שטובן און פון דאָרט אַרויסגעשלעפּט וועמען ער האָט געטראָפן, אַלטע און קראַנקע, געשלאָגן זיי ביז זיי האָבן פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין און דאַן זיי אָבגעפירט קיין וואולקאַ ־ראָסנאָווסקאַ. אַלס שטראָף פלעגט ער דאַן האַלטן די גאַנצע אַרבעטס־בריגאַדע 3 ביז 4 טעג ביי דער אַרבעט אָן אָברוה.

אין יענער צייט האָט מען אין לאַגער, וואו די דייטשן האָבן געהאַלטן סאָוויעטישע געפאַנגענע, אין וואַלד, ביי דער אַזוי גערופענער היצלוווקע אָנגעהויבן פאַרשידענע בוי־אַרבעטן. דאָ זענען געשטאַנען קאַזאַרמעס, וועלכע די סאָוויעטן האָבן נאָך אין יאָר 1940 אויפגעבויט. אין די קאַזאַרמעס האָבן די דייטשן געשאַפן אַ לאַגער פאַר געפאַנגענע. אַהער פלעגט מען אַ יעדן טאָג שיקן 60 יידישע אַרבעטער אונטער דער אָנפירונג פון דייטשע זעלנער. די ערשטע אָנפירער זיינען געווען: סאַקסענמאַיער און קורט אַדלער, דייטשן, וועלכע האָבן זיך גוט און מענשלעך באַגאַנגען מיט די יידישע אַרבעטער. אינספּעקטאָר פון די בוי־אַרבעטן איז געווען אַ געוויסער הערמאַן, וועלכער פלעגט די אַרבעטער פייניקן, שרייען און פאַרלאַנגען שטענדיקע אַרבעט אָן אָברוה. אים האָט מען אויך געקענט שטילן מיט מתנות. די יידן, וועלכע האָבן דאָ געאַרבעט האָבן באַקומען באַזונדערע לעגיטימאַציעס און האָבן זיך געפילט זיכער, ווייל מ'האָט זיי נישט געכאַפּט צו אַנדערע אַרבעטן. יידישע פאַכלייט האָבן דאָ באַקומען געצאָלט 1 זלאָטי אַ שעה, אַ חוץ דעם אַ ברויט אויף אַ וואָך. אַלס פאָרטרעטער פונ'ם אַרבעטס־פירער איז געשטעלט געוואָרן אינזשעניר ישראל מאַנבער, אַלס בוכהאַלטער שאול שווארץ, טעכניקער סטעפאַן אַפּטער, טישלערס: טיגער, מרדכי מאנבער און שטיינבאַך. מאַגאַזינער: מ. זינגער, גלע־זער: טיגער. אַלס געווײנלעכע אַרבעטער זיינען דאָ געווען באַשעפטיגט צווישן אַנדערע: ראָץ, דיאַמאַנט, וועסט, מאָניע מאַנבער, איציע פיין, ש. בראָך, יאָסעל

לעבערפעלד. די בוי־אַרבעטן האָבן געדויערט ביז סעפטעמבער 1942. די סאָוויעטישע געפאַנגענע האָט מען פון אָנהויב באַהאַנדלט שרעקליך. מ'פלעגט זיי נישט געבן קיין עסן און מערדעריש שלאָגן, אַזוי אַז טעגלעך האָט מען פון לאַגער אַרויסגעפירט ביז 10 טויטע. די יידישע ארבעטער האָבן אויף פאַר־שידענע אופנים און מיט פאַרשידענע מיטלען געפּראוווט זיי צו העלפן. (אַרכיוו פון דער וואָיעוואָדישער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין קראָקע נומער 1005).

אַ חוץ די קאָנטיגענטן פון לעבעדיקער אַרבעטער־קראַפט האָבן די דייטשן באַלד נאָכ'ן אַריינקומען קיין יאַווערעוו פאַרלאַנגט פון די יידן פאַרשידענע קאָנטריבוציעס. איעדן טאָג האָבן זיי פאַרלאַנגט עפּעס אנדערש: געלד, גאָלד, פוטער־סחורה, לעדער, קאַווע, טיי, וויין, ספּירט א. אז. וו. נאָך יאָאל פּוס איז משה קאַהאַנע געוואָרן לייטער פונ'ם יודנראַט. דער יודנראַט ווי אויך די יידישע מיליץ האָבן געטון אַלעס בכדי אויסצופירן איעדן דייטשן פאַרלאַנג. ווען, למשל, מ'האָט נישט אײַפגעזאַמלט די פארלאַנגטע צאָל לעדער, האָט דער יידנראַט,מיט הילף פון דער יידישער מיליץ אַרעסטירט די יעניקע, וועלכע ער האָט חושד געווען אַז זיי האָבן סחורה און זיי מיט פאַרשידענע מיטלען געצוואונגען אָבצוגעבן די פאַרלאַנגטע צאָל לעדער . . .

איינמאָל האָט דער אָרטסקאָמענדאַנט האָלוב פאַרלאַנגט פונ'ם יידנראַט אַ אומגעוויינלעך גרויסע צאָל וויין און בראַנפן, וועלכע האָט געזאָלט ווערן צוגעשטעלט דעם צווייטן טאָג. די יידן האָבן נישט געקענט צושטעלן דעם וויין, ווייל ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ס'איז אוממעגלעך אים אין יאַווערעוו צונויפצוזאַמלען, און מ'האָט דעם צווייטן טאָג צוגעשטעלט דאָס וואָס מ'האָט געהאַט. דאַן האָט דער צעווילדעוועטער סלאָוואַק געלאָזט ברענגען דעם גאַנצן יידנראַט און אויסגעקליבן 3 ערוב'ניקעס: יהושע מרגליות, שלמה שטראָסבערג און אהרון ליטמאַן. ער האָט זיי געהייסן אָבפירן אין תפיסה און אָנגעזאָגט דעם יידנראַט, אַז אויב ביז מאָרגן 6 אַ זייגער אָוונט וועט דער וויין נישט ווערן צוגעשטעלט, וועלן די 3 יידן דערשאָסן ווערן. דעם צווייטן טאָג, 5 אַ זייגער, האָט האָלוב געהייסן אַרויספירן די דריי יידן זיי זאָלן פאַר זיך גראָבן אַ קבר. גלייכצייטיג האָבן די יאַווערעווער יידן און בפרט די פאַר־צווייפלטע פרויען פון די ערוב'ניקעס אויף פאַרשידענע אופנים געזאַמעלט וויין און בראָנפן צאָלנדיק די אוקראַינער און פּאָליאַקן גרויסע סומעס פאַר'ן קלענסטן ביסל געטראַנק. מ'האָט אַלעס געטון כדי צו ראַטעווען די דריי יידן; מ'האָט דאָך נישט געקאָנט דערלאָזן אַז זיי זאָלן דערשאָסן ווערן. . . מ'האָט אויך צוגעגרייט רייכע מתנות פאַר האָלוב'ס ווייב, און ס'איז די יידן קוים געלונגען דעם אָרטסקאָמענדאַנט ווייך צו מאַכן. האָלוב האָט סוף־כל־סוף

באַוויליגט די ערוב'ניקעס צו באַפרייען. זיי זענען אַרויס פון תפיסה צע־שלאָגענע און צעבלוטיגטע.

(אַרכיוו פון דער וואָיעוואָדישער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין קראָקע נומער 897).

איעדן טאָג האָבן די דייטשן פאַרלאַנגט פון די יידן נייע קאָנטריבוציעס. נאָך די חפצים און סחורות וועלכע מ'האָט געקאָנט צוזאַמענגעמען אין יאַ־וואָרעוו, האָבן זיי פאַרלאַנגט דיוואַנעס און סערוויסן ווי אויך אַנדערע זאַכן, וועלכע מ'האָט אין שטאָט נישט געקאָנט באַקומען. אין אַזעלכע פאַלן פלעגט דער יידנראַט אַרויסשיקן זיינע מענטשן קיין לעמבערג און פאַר געלד, וועלכעס מ'האָט ביי די יאַוואָרעוווער יידן צוזאַמענגענומען האָט מען אין לעמבערג געקויפט די „באַשטעלטע“ זאַכן און אַזוי אַרום האָט מען די קאָנטריבוציע געקאָנט צושטעלן. דאָס יאַוואָרעוווער יידנטום האָט געשטרעבט מיט אַלע מיטלען און כוחות אַנטקעגן צו קומען אַלע דייטשע פאַרלאַנגען, ווייל עס האָט געדענקט אָן דער טראַגעדיע פון די יידן פון מאַגערעוו, וועלכע, נישט קאָנענ־דיק צושטעלן די קאָנטריבוציע, וואָס די דייטשן האָבן אויף זיי אַרויפגעלייגט, זענען זיי אויפגעלאָדן געוואָרן אויף אַ צוג און אַוועקגעפירט געוואָרן קיין בעלזעץ.

ווען משה קאַהאַנע האָט נישט געהעריק אויסגעפירט זיינע אויפגאַבן אַלס פאָרזיצער פונ'ם יידנראַט, וועלכע די דייטשע אַדמיניסטראַציע האָט אויף אים אַרויפגעלייגט, האָט דער לאַנדסקאָמיסאַר שטייער אים אַראָבגעזעצט און אויף זיין אָרט געשטעלט סנדר בלום.

די קאָנטריבוציעס האָבן פון יאַוואָרעוווער יידן געגומען פאַרשידענע פאָרמען. ווער ס'האָט נאָר געוואָלט. אַ יעדער דייטש האָט אין יידנראַט געמאַכט „באַשטעלונגען“. פרעמדע געסטאַפּאָ־לייט ווי אויך „אייגענע“ האָבן געריסן די הויט פון די יידן. אַזאַ אָפטער גאַסט איז געווען אין יידנראַט אַ געוויסער לייבמאַיער. ער, ווי אויך אַנדערע האָבן ביי יעדערער געלעגענהייט געקאָטעוועט און געפייניקט די יידן, מיט אַ ספּעציעלער בעסטיאַלישקייט האָבן זיך אויס־געצייכנט די געסטאַפּאָווצעס וואָלף, יענקע און נויצע. די פּאָליציי־שעה איז פאַר די יידן אין יאַוואָרעוו געווען 6 אַ זייגער פאַרנאַכט. וואָלף האָט מיט אַ אומגעווענלעכן סאַדיזם געשלאָגן, געפייניקט און געשאָסן די יידן, וועלכע ער האָט ספּעציעל געזוכט נאָך דער פּאָליציי־שעה. אויך יענקע האָט מיט אַ אוממענשלעכער צופרידנהייט געפייניקט אַלטע און קינדער. די יאַוואָרעוווער ווי אויך פרעמדע אוקראַינער האָבן מיט פאַרגעניגן צוגעהאָלפן די דייטשן. די זעלבע אוקראַינער, וועלכע האָבן ביז ערשט נישט לאַנג בשלום געלעבט מיט זייערע יידישע שכנים און הברים און געהאַט מיט זיי בשותפות'דיקע פאַראינטערעסירונגען, האָבן איצט, ווען דער ייד איז געווען שוצלאָז, אַרויס־

געוויזן זייער אמת'ן פרצוף. זיי האָבן געהאָלפן די דייטשן אין פאַרשידענע אַבלאַוועס און אַקציעס געגן יידן, געראַבעוועט יידישע פאַרמעגנס, געפייניקט און געמסרט יידן, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי די סאָוויעטן, אָדער אָן אַ פאַרוואָס. זיי האָבן אַרעסטירט יידן און איינגעזעצט זיי אין די תפיסה, וועלכע איז דאַמאָלס געווען אין הויז פון דער אַמאָליגער „ראַדאַ פּאָוויאַטאָווא" אויף דער „סאָקול" גאַס. דאָ פלעגט מען „פאַרהערן" די אַרעסטירטע יידן. או־קראַינישע מיליציאַנטן (ווי באַזילעוויטש, האַרניאַק, גלאַוואַ און ברינדאָס) האָבן דעם „פאַרהער" אַדורכגעפירט אויף אַזאַ אופן: זיי פלעגן צולייגן דעם רעוואָלווער כלומר'שט צום קאָפּ אָדער צו די שלעפן פון דעם פאַרהערטן און שיסן אין די לופט, הנאה האָבנדיק פון דעם טויט־שרעק פון'ם קרבן. דאַן האָבן זיי געשטעלט פאַלגענדיקע, אָדער ענלעכע פראַגן: „ווער האָט געאַרבייט אין דער נ.ק.וו.ד. (רוסישע געהיים־פּאָליציי)? ווער איז געווען פּעטלורא? ווער האָט אים דערמאָרדעט?" די „פאַרהערטע" האָט מען דערביי געשלאָגן מכות רצח, און זיי געפייניקט אויף א ראפינירטן אופן. געשלאָגן האָבן דעם ייד מיליציאַנטן, ווי אויך די אַרעסטירטע אוקראַינער.

דעם אַרעסטירטן פיינזינגער האָבן די אוקראַינער מיט כח געעפנט דאָס מויל און אים אַריינגעגאָסן צואה. די אוקראַינישע אַרעסטירטע פלעגן אָבטון זייערע יידישע חברים געברענטע צרות. ווען די געפייניקטע יידן האָבן אין די קאַמערן געשריגן, זיינען די אוקראַינישע מיליציאַנטן אַריינגעלאָפן און געפרעגט פאַרוואָס די יידן שרייען, די יידן האָבן זיך פאַרקלאָגט אַז די אוקראַי־נישע חברים שלאָגן זיי. די מיליציאַנטן האָבן אַלס ענטפער אָנגעהויבן די יידן שלאָגן אויפסניי און דערביי געפרעגט: „אפשר שלאָגן מיר אייך אויך?"

(אַרכיוו פון דער וואָיעוואָדישער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין קראָקע נומער 892).

הארבסט 1941, ווען דער פראָנט האָט זיך איבערגערוקט מער אויף מזרח, האָבן זיך די אַלגעמיינע פאַרהעלטענישן אין שטאָט סטאַביליזירט. אַלע אַקציעס, אַבלאַוועס, פאַראָרדנונגען און קאָנטריבוציעס זיינען איצט אַדורכ־געפירט געוואָרן פּלאַנמעסיג און נישט ווי ביז איצט, ספּאָנטאַן. די דייטשע פאַרלאַנגען האָבן זיך איעדן טאָג אָנגעהויבן מערן. די יידן, מאָראליש דער־שלאָגענע, באַרויבט פון אַלעמען, וואָס זיי האָבן באַזיצט, זיינען אַרומגעגאַנגען ווי שטנ'ס אין אַ כסדר'דיקער טויט־שרעק, נישט וויסנדיק וואָס מאָרגן קען מיט זיי פאַרקומען.

אין אַ פסח־טאָג אינ'ם 1942 יאָר איז קיין יאַווערעוו אַראָבגעקומען דער לאַנדסקאָמיסאַר שטייער. ער האָט געוואוינט און אַמטירט אין גרודעק יאַגיע־לאָנסקי. ער האָט זיך בלוטיק פאַרשריבן מיט זיין סאַדיזם און חיה'שקייט אין זכרון פון די יידן פון יאַוואָראָוו, גריידינג, קראַקאָוויעץ און יאַנעוו. פון זיין

נעסט אין גריידינג פלעגט דער היטלעריסטישער סאַטראַפּ אַרויספאָרן אין די שכנה'סדיקע שטעטלעך און אַ יעדעס מאָל מיט אַן אַנדערן יידישן „פּראָגראַם". ער האָט דאָס באַלייגט די יידן מיט די טרויעריג באַרימטע וואָכן קאָנטריבוצ־יעס, פון וועלכע איעדע האָט שוין געזאָלט זיין די לעצטע, און וועלכע איז געווען גרעסער ווי די פאָריגע. דער אויסגעשראָקענער יידנראַט האָט געפירט אַ פּאָליטיק פון נישט אַנטקעגן שטעלן זיך און פון דערפילן איעדן דייטשן פאַרלאַנג. דער יידנראַט האָט דאַן אַפּעלירט צו די יידן, און ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן האָט ער די יידן געדראָהט. דער פאָרזיצער פונ'ם יידנראַט סענדער בלום איז געווען אַן ערליכער, אָבער אַ שוואַכער מענש. זיין שוואַכקייט פלעגן אויסנוצן שלמה הענער מיט'ן זון מונדעק הענער און יעקב ווינטער, וועלכע האָבן פאַקטיש אָנגעפירט מיט'ן יידישן לעבן אין יאַווערעוו. דוד באַדיאַן, וועלכער האָט שפּעטער אַזאַ טרויעריקע ראָלע אָפּגעשפּילט אין יאַ־ווערעוו. — איז נאָך דאַמאָלס געווען אַ געוויינלעכער מיליציאָנער. די גוואַלד־טאַטן און מיסברויכן לגבי די דערשלאָגענע יידן מצד די אויבנדעמאָנטע און אַנדערע מיטגלידער פונ'ם יידנראַט ווי אויך פון דער יידישער מיליץ זיינען געווען אָן אַ מאָס. זיי האָבן אויף די יידן זיך אָבגעשלאָגן דאָס, וואָס זיי האָבן אַליין געהאַט אויסצושטיין פון דער דייטשער אַדמיניסטראַציע.

דער לאַנדסקאָמיסאַר שטייער פלעגט אַריינפאַלן צום יידנראַט, זידלען און שלאָגן די אָנוועזנדע. ער האָט געפייניקט און געשלאָגן איעדן, ביי יעדע געלעגנהייט און אָן אַ פאַרוואָס. ער פלעגט אויך אומפאַרהאָפט אַריינפאַלן אין יידישע שטובן, איבערקערן די כלים מיט'ן עסן, צעברעכן די איינריכטונג, שלאָגן. מיט אַ באַזונדערער הנאה פלעגט ער דערנידריקן מיידלאָך. ער האָט אַ מאָל צעקאַטעוועט די אומשולדיקע עדא ליפשיץ. אַן אַנדערש מאָל איז ער אַריין אין די וואוינונג פון אַ פאָלקע ציפער, וועלכע האָט חתונה געהאַט מיט אַ ייד דאָלעק גוטמאַן. ער האָט איר געהייסן אויסטון, איר געטראָטן אויף די פינגער, געשלאָגן און געפייניקט. ער האָט געשלאָגן פרויען ביז צום בלוט און ווינטער פלעגט ער זיי אַרויסטרייבן נאַקעט אויפן פראָסט. ער האָט אַמאָל אַרעסטירט דעם פאָרזיצער פונ'ם יידנראַט, סענדאָר בלום און אים איינגעזעצט אין גריידינג, פאַר נישט צושטעלן צו דער צייט איינע פון די אומצייליקע קאָנטריבוציעס. ער האָט זיך געקאָכט און געשריגן: „איך ווערדע אייך שלאַכטן!" נאָך לאַנגע באַמיאונגען וועלכע האָבן אָפּגעקאָסט אַסך געלד און אַנדערע מתנות, האָט ער אים באַפרייט.

(אַרכיוו פון דער וואָיעוואָדישער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין קראָקע נומער 1005).

אַט אַ דער לאַנדסקאָמיסאַר שטייער, קומענדיק פסח 1942 קיין יאַווערעוו, האָט געהייסן רופן סענדאָר בלום און אים מיטגענומען אויפ'ן יידישן בית עולם. דאָ האָט ער אים געגעבן גענויע אינסטרוקציעס וועגן דעם צונעמען די

מצבות און דענקמעלער און וועגן דעם אויסגלייכן און פאַראַקערן דעם בית־עולם .די מצבות האָבן געזאָלט ווערן אַרויסגעטראָגן און געלייגט אויף שטאַפּלען. די גאַנצע אַרבעט — האָט באַפוילן שטייער — האָט געזאָלט זיין געמאַכט ביז 2 וואָכן. נאָכ'ן געבן פון די אינסטרוקציעס איז שטייער צוריקגעפאָרן אין שטאָט אַריין און בלומ'ען באַפוילן באַלד צו אים צו קומען. בלום איז גיך נאָכגעלאָפן וואַרטנדיק אין פאָרהויז פון שטייערס אַמט אויף אַן אוידיענץ, האָט בלום געקראָגן אַ האַרץ־שלאַג און אויפ'ן אָרט געשטאָרבן. דער טויט פון סענדאָר בלום האָט אויף די יאַוואָראָווער יידן געמאַכט אַ דערשיטערנדן רושם. זיין פּאָסטן אַלס פאָרזיצער פונ'ם יידנראַט האָט ער פאַרשטאַנען אַלס אַ געזעלשאַפטלעכע פליכט און כסדר געטראַכט ווי אזוי צו העלפן די יידן און זיי, דעם שווערן גורל צו פאַרלייכטערן. ער פלעגט אַ יעדן סכסוך גערעכט צו דערליידיקן און אַ יעדע דייטשע פאָראָרדנונג האָט ער געטראַכט אַזוי אַדורכצופירן, אַז ס'זאָל וואָס ווייניקער באַרירן דעם יאַווערעווער ייד. מיט זיין טעטיקייט האָט ער זיך אַזוי אַרום דערוואָרבן ליבע און דרך־ארץ ביים אומגליקלעכן יאַווערעווער יידנטום.

אַלס בלום'ס שטעלפאַרטרעטער איז אַ קורצע צייט געווען לייזער ווימער, ער איז געווען אַ גוטער מענש. אין דער צייט פון אַן אַלגעמיינער קאַטאַסטראָפע און גרויסער פאַרדאַרבענקייט, האָט ער ווי נאָר מעגליך אַיעדן געהאָלפן. ער האָט געדענקט אָן אַיעדן נויטבאַדערפטיקן, וועלכן ער האָט געהאָלפן מאַטעריעל אָדער מיט שתדלנות. אָבער שטייער, אַן אומצופרידענער מיט דער אַרבעט פון די ביזאיצטיקע פאָרזיצערס פונ'ם יידנראַט האָט געשטעלט אָן דער שפּיץ פונ'ם יידנראַט זיין ליבלינג דוד באַדיאַן. ער האָט געדינט געטריי זיינע דייטשע בעלי־בתים. ער האָט געהאָלפן די דייטשן אין זייער אַרבעט ביים פאַרטיליקן און דערנידריקן די יאַווערעווער יידן. שטייער, אַ צופרידענער, האָט געזאָגט, אַז באַדיאַן איז אים ליבער ווי באַטשינסקי, דער אוקראַינישער בירגערמייסטער פון יאַוואָראָוו.

(אַרכיוו פון דער וואָיעוואָדישער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין קראָקע נומער 1005).

אַלס וויצע פאָרזיצער פונ'ם יידנראַט, און גלייכצייטיק קאָמענדאַנט פון דער יידישער מיליץ, וועלכע איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן אַן האָט איצט געהאַט דעם נאָמען אָ. ד. (ארדנונגס־דינסט), איז געוואָרן בוזיע האַן, פון וועלכן די יידן האָבן אויך געהאַט געגוג צרות אויסצושטיין.

דעם צווייטן טאָג נאָך בלומ'ס טויט האָט מען צונויפגעטריבן אַ גרויסע צאָל יידן, אַלטע לייט, פרויען און קינדער צו דער אַרבעט ביים אַרויסציען די מצבות אויף דעם בית־עולם. די אַרבעט איז געפירט געוואָרן מיט אַ מערדערישער שנעלקייט. אָנגעפירט מיט דער אַרבעט האָבן יידן אַליין. די אַרויסגעצויגענע מצבות האָט מען געלייגט אויף שטאַפּלען אויסער דעם צוים פון

בית־עולם. די אַרבעט האָט אָבער געדויערט 2 חדשים. מ׳האָט דעם בית־עולם אויסגעגלייכט און פאַראַקערט און מיט די מצבות האָט מען אויסגעפּלאַסטערט אַ טייל גאַסן פון שטאָט. . .

ביים יידנראַט איז דאַמאָלס טעטיק געווען אַן אַרבעטס־אַמט. דער רעפערענט פון דעם אַמט אַ געוויסער שוויג, אַ לערער פון זלאָטשעוו האָט איבערגעלאָזט אַ טרויעריקן אָנדענק. ער האָט אכזריות׳דיק אויסגענוצט אַיעדע געלעגנהייט בכדי אַרויסצושיקן די אומבאַהאָלפענע, קראַנקע און אָרעמע יידן צו דער אַרבעט און די אַרבעטס לאַגערן.

יידן האָבן זיך נישט געטאָרט ווייזן אויפ׳ן מאַרק ווי אויך אויף די הויפּט־גאַסן (מיצקיעוויטשאַ, אַלעקסאַנדראָוויטשאַ און קראַקאָוויעצקאַ), וועלכע די דייטשן האָבן אָנגערופן „פאַרמאַרשטראַסע“. די יידן, וועלכע האָבן געוואוינט אין מאַרק ווי אויך אין די דערמאָנטע גאַסן האָט מען אַרויסגעטריבן אין אַנדערע שטאָטטיילן, און בשעת דעם אַרויסטרייבן האָבן די דייטשן און או־קראַינער אַדורכגעפירט אַ פּאָגראָם לויט׳ן באַקאַנטן שטייגער.

די יידן האָבן דאָס אַלעס געליטן שטיל און געדולדיק. זיי פלעגן זיך טרייסטן מיט פאַרשידענע אויסגעטראַכטע ידיעות און מעשיות. מ׳פלעגט זיך דערציילן פאַרשידענע נייעס פון דער גאַנצער וועלט, וועלכע האָבן געזאָלט באַווייזן אַז די הילף איז שוין נאָענט. די שווידערליכע ווירקלעכקייט האָט אָבער נישט באַרעכטיקט דעם אָפּטימיזם. דאַמאָלס האָט אָנגעהויבן אין שטאָט הערשן די מכה פון הונגער. די סיבה פונ׳ם הונגער איז קודם־כל געווען דאָס, וואָס יידן האָבן נישט געקאָנט פאַרדינען, ווי אויך די אוממעגלעכקייט פון באַקומען שפּייז. ווער ס׳האָט נישט געהאַט קיין געלד אָדער זאַכן צום אויסטוישען איז געווען ווי פאַראורטיילט צום הונגער־טויט. כמעט ביים גאַנצן יאַוואָראָווער יידנטום האָט זיך אַלעס אויסגעשעפּט. נאָר געציילטע יחידים האָבן געהאַט געוויסע מיטלען צום לעבן, זיי האָבן אָבער גוט באַהאַלטן זייערע נעבעכדיקע רייכטומער פאַר די וואָלפישע אויגן פון דער יידנראַט חברה, וועלכע האָט ווי שפּיר הונט געזוכט און גענישטערט וועלכן ייד מ׳קאָן נאָך עפּעס צונעמען פאַר די דייטשן וועגן, און פאַרשטענדלעך, פאַר זיך. אַיעדן טאָג איז געווען מער אַזעלכע, וואָס האָבן שוין גאָרניט געהאַט. עס זיינען געשוואָלן געוואָרן פאַר הונגער יידן ערשט ניט לאַנג רייכע און זאַטע. זיי האָבן נאָך אַ פּאָר טאָג געשראָקן זייערע שכנים מיט זייער מגושם׳דיקן אויסזען און מיט אויגן, וועלכע האָבן אויסגעדריקט אַזויפיל צער און יאוש. . .

יידן האָבן זיך געשפּייזט מיט גראָז; קלייען האָט מען געהאַלטן פאַר אַ לוקסוס. די גליקליכע, וועלכע האָבן נאָך געהאַט א נייעם אַנצוג, האָבן געקאָנט אים אויסטוישן ביי די רייכע אוקראַינער פאַר אַ פּאָר קאַרטאָפל. מענשן, וועלכע זיינען נאָך נעכטן אַרומגעגאַנגען געשוואָלן, פלעגן פּלוצים

פאַרשוואונדן. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן אויף אַ נס . . . זיי זענען מאַסנוויַז געשטאָרבן מיט אַ שרעקלעכן הונגער־טויט.

דער הונגער האָט אָבער נישט באַפרייט די יידן פון דער שווערער אַרבעט. זיי האָבן געמוזט, ווי פריער, אויסהאַקן וואַלד, פירן האָלץ, האַקן שטיינער, לייגן וועגן, און איבערלאָדן שווערע קאַסטענס אויף דער באַן־סטאַנציע. די דייטשן, ווי אויך דער יידנראַט האָט די אַרבעטנדיקע כמעט קיין שום הילף אין עסנוואַרג נישט געגעבן. דער יידנראַט האָט אפילו יאָ געהאַט מיטלען, פאַר די אַרבעטנדיקע און הונגעריקע יידן. וועגן דעם זאָגט עדות אַ בריוו צום קראָקאָווער י. או. ש. („יידישע אונטערשטיצונג שטעלע"), גע־שריבן פון דער יאַווערעווער געזעלשאַפט פאַר זעלבסט־הילף דעם 4 יולי 1942. דער בריף מאָלט גלייכצייטיק די אַלגעמיינע יידישע לאַגע אין יאַווערעוו:

„ענטפערנדיק אויף אייער בריף פונ'ם 29־טן יוני 1942 נ' ווילן מיר פאַר אַלעמען אייך באַקענען מיט'ן פאַקטישן צושטאַנד, אין וועלכן ס'געפינט זיך דאָס היגע יידנטום.

די שטאָט האָט געהאַט 2500 יידן. פון דער צאָל געפינען זיך 400 מענער אין די לאַגערס. אין די לעצטע טעג זענען צוגעקומען פון דער אומגעגענד 350 אויסגעוויזענע יידן, בעטלערס. די היגע יידן זיינען אינגאַנצן ערשעפּט און פאַראָרעמט. מיר פירן אַ קיך פאַר די אָרעמסטע. ליידער רייכן אונזערע פאָנדן נישט צו זיי צו באַשפּייזן. מיר האָבן אפילו באַקומען 2000 זל. פונ'ם פּרעזידיום, אָבער די קאָסטן פון איין מיטאָג פאַר 300 פּערזאָן באַטרעפן 500 זל. (אויף איין פּאָרציע זופּ—125 גר. קאַרטאָפעל. 30 גר. גרויפּן און 1 גר. פעטן). מיר מוזן אַלע פּראָדוקטן קויפן פאַר טייערע פּרייזן אויפ'ן שוואַרצן מאַרק. 85% פון דער יידישער באַפעלקערונג וואָלט באַדאַרפט געניסן פון אונזער הילף, ווייל טאָג־טעגליך פאַרצייכנען מיר פאַלן פון הונגער־טויט. ליידער שטויסן זיך אונזערע באַמיאונגען אָן אויף אַ געלד־מאַנגעל, ווייל די אַלגעמיינע סומע פון דער זעלבסט־באַשטייערונג פון אונזער געזעלשאַפט, ווי אויך פון דער געמיינדע, דערגרייכט 400 זל. אַ וואָך.

אין אַזעלכע באַדינגונגען זיינען מיר אומבאַהאָלפן. מיר שטרעבן אָפּצוהיטן לכל הפחות די קינדער פון אַ הונגער־טויט. מיר זיינען גע־צוואונגען אייך צו בעטן אונז צוצישיקן ווי אַמשנעלסטן אַ מאַטעריעלע הילף . . . ."

". . . ביז איצט האָבן מיר נישט קיין קינדער־היים. מיר פון אונזער זייט וועלן אָנווענדן אַלעס מעגלעכע אַזאַ קינדער־היים צו אָרגאַניזירן. מיר האָבן אַפילו אָנטשפּרעכנדיקע קרעפטן זי צו פירן, נאָר מיר האָבן שוועריקייטן מיט'ן אָנערקענען די מענשן וועלכע זיינען ביי אונז באַ־

שעפטיקט דורך דעם היגן (דייטשן) אַרבעטס־אַמט. מיר בעטן אייך העפלעך אונז צו שיקן אָנווייזונגען אין דער אָנגעלעגנהייט." אונטער־געשריבענע: פּאָרזיצער: ב. האַן, סעקרעטאַר: ש. שוואַרץ.

(אַרכיוו פון י. א. ש. אין דער וואָיעוואָדישער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין קראָקע, באנד „יאַווערעוו").

די אוקראַינער האָבן זיך אין יענער צייט באַצויגן צו די יידן גלייכגילטיק, קאַלט און בכלל נעגאַטיוו. דאַגעגן די פּוילישע באַפעלקערונג האָט זיך צו די יידן באַצויגן פריינדלעך. ס'זענען אין יאַווערעוו אויך געווען פאָלקס־דייטשן, וועלכע זיינען נישט אויפגעטרעטן געגן יידן אַ חוץ איינעם אַ שוסטער גערלע, וועלכער האָט ביי איעדער געלעגנהייט מיטגעהאָלפן אין אַלע אַנטי־יידישע אַקציעס.

## קאַפּיטל 3

איז דער תקופה 1942־1941 זיינען אין יאַווערעוו פאָרגעקומען דריי אַזוי גערופענע „לאַגער אַקציעס". די ערשטע איז פאָרגעקומען אין חודש נאָוועמבער 1941. דער דייטשער אַרבעטס אַמט האָט דאַמאָלס פאַרלאַנגט פונם יידנראַט 200 געזונטע יידן אַרויסצושיקן אין די אַרבעטס לאַגערן. די דערשראָקענע יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ווי עמעץ האָט נאָר געקאָנט און מיט אַלע מיטלען געשטרעבט אויסצומיידן דאָס אומגליק. קיין יאַווערעוו אַלס „יודענשטאַדט" האָבן געהערט די יידן פון קראַקאָוויעץ, וויעלקיע אָטשי און פון אַלע אַנדערע אַרומיקע שטעטלעך און דערפער. דער יאַוורעווער יידנראַט, נישט קאָנענדיק צוזאַמענשטעלן די גרופּע פון 200 מאַן אין יאַוואָראָוו גופה, איז אַרויס אין די אַרומיקע ישובים און מיט דער הילף פון דער אוקראַיני־שער מיליץ ווי אויך פון דער יידישער אָ. ד. (אָרדנונגס דינסט) האָט ער דאָרט אַרעסטירט די יידן. ביז 2 טעג האָט מען צוזאַמענגעשטעלט אַ גרופּע פון 200 מענער, פּעאיקע צו אַרבעט און מ'האָט זיי אַוועקגעשיקט אין די אַר־בעטס־לאַגערן קיין ווינניק ביי לעמבערג און קיין יאַקטאָראוו ביי זלאָטשעוו. נאָך דער אַקציע האָבן די יידן געפּרואווט צוריקצוקומען צו דעם געוויינלעכן לעבנס־שטייגער. יידישע בריגאַדעס זיינען ווידער געגאַנגען צו זייערע טאָג־טעגלעכע אַרבעט. דער הונגער האָט געהערשט ווי פריער און אַרויסגעריסן ווי פריער נייע קרבנות. קיין הילף און קיין רעטונג האָט מען נישט געזען פון ערגעץ נישט.

פּלוצים אין חודש יענער 1942 איז אויף דעם שטעטל געפאַלן אַ ניי אומגליק. דאָס מאָל האָט דער דייטשער אַרבעטס־אַמט (וועלכער האָט אַמ־טירט אין ד"ר שנאַפּערס הויז) פאַרלאַנגט פונם יידנראַט 300 געזונטע מענשן פאַר די אַרבעטס לאַגערן. די יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, אַזוי ווי ביי דער ערשטער אַקציע און געפּרואווט זיך מיט אַלע מעגלעכקייטן אַרויסצודרייען פון דער צרה. ס'האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. זעלטען וועמען פון די יונגע און געזונטע מענער איז געלונגען איבערצוּוואַרטן אין אַ גוטן באַהעלטניש די צייט פון דער אַקציע. די אוקראַאינישע מיליץ, מיט דער הילף פון דער יידישער אָ. ד. האָבן צוזאַמענגענומען דעם פאַרלאַנגטן קאָנטינגענט אין די שטעטלעך, דערפער, ווי אויך אין יאַוואָראָוו. די אָ. ד. לייט האָבן געוואוסט ווי צו זוכן די יידן, ווייל זיי האָבן געקענט אַ יעדער יידיש באַהעלטעניש און בונקער. זיי האָבן מיט שפּיזן געשטאָכן די ערד, אויסצוזוכן און צעברעכן די באַהעלטענישן און אַרויסשלעפּן די קרבנות. די צונויפגעזאַמעלטע גרופּע האָט מען קאָנצענטרירט אין די שטעטישע אַרעסטן, און דאַן האָט זי די

אוקראַינישע מיליץ אָפּגעפירט אין די לאַגערן פּלוכואוו, קאַזאַקי און לאַצקי וויעלקיע ביי זלאָטשעוו.

נאָך דער צווייטער אַקציע, וועלכע האָט די יידן צום רעשט דערשלאָגן איז אומפּארהאפט, אין חודש מאַי 1942, פּאַרגעקומען די דריטע לאַגער־אַקציע. זי איז געווען אַ גרעסערע און אַ שרעקלעכערע ווי די ביזאיצטיקע. דער אַרבעטס־אַמט האָט איצט פאַרלאַנגט פונ'ם פאַרמאַטערטן יידנטום 500 געזונטע מענער פאַר די אַרבעטס־לאַגערן. אַזוי ווי ס'איז שוין אין יאַוורעוו ווי אויך אין דער אומגעגנט קיין געזונטע מענער נישט געווען, האָט מען דעם קאָנטיגענט פאַרפולט אויף אַן אַנדערן אופן. מ'האָט געכאַפּט קראַנקע אַלטע לייט און קינדער. דער קאָנטינגענט האָט געמוזט זיין אַ פולער. מ'האָט די גרופּע אויפגעלאָדן אויף דעם צוג און אַוועקגעפירט אין די אַרבעטס־לאַגערן אין זלאָטשעווער ראַיאָן. אין פּלוכוווו האָט מען דעם טראַנספּאָרט אויסגעלאָדן. מ'האָט פעסטגעשטעלט אַ גרויסע צאָל געשטאָרבענע פאַר הונגער. דער אָבערשטורמפירער וואַרצאָג, דער קאָמענדאַנט פונם לאַגער אין לאַצקי וויעלקיע, האָט אויפן אָרט אויסגעסאָרטירט די מענשן. קינדער ביז 15 יאָר האָט ער אונטער אַן אוקראַינישער וואַך אָבגעשיקט קיין זלאָטשעוו, צום דאָרטיקן יידנראַט, וועלכער האָט די קינדער צייטווייליק איינקוואַרטירט ביי זלאָטשעווער יידן. די קינדער זענען דאָ געווען אַ וואָך צייט און דאַן האָט דער זלאָטשעווער יידנראַט אויסגעפּועלט מ'זאָל די קינדער צוריק אָפּשיקן קיין יאַוואָראָוו. עס זענען סך הכל אַהיימגעקומען אַרום 40 קינדער. די אַלטע און קראַנקע זענען טיילווייז אויסגעשטאָרבן אויפן וועג צום לאַגער און טייל־ווייז אויסגעשאָסן געוואָרן אין די לאַגערן (אַרכיוו פון דער וואָיעוואָדישער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין קראָקע נ'ר 897).

די יידן וועלכע מ'האָט געכאַפּט אין די „אַקציעס" זיינען געגאַנגען ווי אויף אַ זיכערן טויט. זעלטן וועמען מ'האָט געקאָנט אויסקויפן און אַזעלכער פלעגט צוריקקומען קיין יאַוואָראָוו אין אַ שרעקלעכן צושטאַנד. אין די אַלע אַקציעס האָבן אָנטייל גענומען די דייטשע שוצפּאָליציי, די אוקראַינישע הילפס־פּאָליציי און די יידישע אָרדנונגס־דינסט. זייער אַרבעט איז געווען אַ האַרמאָנישע: פייניקן, אונטערדריקן און אויסראָטן די יידן. פאַר די אָרעמע יידן איז קיין שום האָפנונג און רעטונג נישט געווען. ווער ס'האָט געהאַט געלד, אָדער אַן איינפלוס אין יידנראַט, האָט געקאָנט אויסמיידן דעם גורל אין דער ערשטער און צווייטער אַקציע. אינזש. י. מאַנבער דערציילט וועגן די אַבלאַוועס פאַר די לאַגערן: „. . . כ'געדענק די אַבלאַווע פון מאַי. אויפן וועג מיט וועלכן מיר זיינען געגאַנגען צו דער אַרבעט האָבן געלויערט אויף אונז יידישע מיליציאַנטן, וועלנדיק פון אונזער גרופּע כאַפּן די נויטיקע צאָל צום קאָנטינגענט. מיר האָבן אַדורכגעפירט אמת'ע קאַמפן פאַר אַ יעדן פון אונזער גרופּע. מיט דער הילף פון אַ טעכניקער אַ דייטש איז מיר קוים גע־

לונגען אויסצורייסן פון זייערע הענט אונזער חבר איציע פיין. דער דייטש האָט נישט געוואָלט געבן „זיינע לויטע" און געלאָפן אויפן זאַמלפונקט אָב־נעמען די מענשן פון זיין בריגאַדע. מ'האָט אים אָבער דערלויבט נאָר אויס־צוטוישן די מענשן. פאַר זיינעם אַן אַרבעטער האָט ער געמוזט געבן אַן אַנ־דערן ייד. מיר האָבן דאַמאָלס געאַרבעט ביים בעטאָנירן די פונדאַמענטן פון דער פאָמפּן סטאַציע. איך האָב איינגערעדט די דייטשן, אַז די מענשן זיינען אונז נויטיק, און אַזוי אַרום האָב איך געפּועלט, אַז דאָס מיליטער האָט אונז גענומען אונטער זיין שוץ און דערלויבט צו שלאָפן אין לאַגער, וואו מיר האָבן געאַרבעט און אויפן צווייטן טאָג האָט אונז אַ באַוואָפנטע וואַך אָבגע־פירט, ווייל אויפן וועג וואָלטן די יידישע מיליציאַנטן זיך געוואָרפן אויף אונז ווי די וועלף." (אַרכיוו פון דער וואַיעוואָדישער יידישער היסטאָרישער קאָ־מיסיע אין קראָקע נ'ר 10005.)

די לאַגערן אַרום זלאָטשעוו האָבן געהייסן אַרבעטס־לאַגערן, אָבער אין דער אמת'ן זיינען דאָס געווען פונקטן וואו מ'האָט מאַסנוויז ליקווידירט יידן. מיר גיבן דאָ אייניקע פּרטים וועגן די דערמאָנטע לאַגערן:

דער אַרבעטס־לאַגער אין יאַקטאָראָוו ביי זלאָטשעוו איז געגרינדעט געוואָרן צום סוף פונם יאָר 1941. אים חודש פעבער 1942 איז געוואָרן דער אָנפירער פונם לאַגער אַ געוויסער גזשימעק און זיין פאַרטרעטער דער ס.ס.־מאַן פייקס (Feyx). אין דעם לאַגער האָט מען אָן אויפהער, מאַסנווייז גע־עאָסן מענשן. יידן האָבן דאָ געאַרבעט אין שטיינברוכן, ביי וועג אַרבעטן און אין פאַרשידענע וואַרשטאַטן. אין לאַגער איז געווען אַן אוקראַינישע וואַך. דער סאַדיסט גזשימעק פלעגט ליב האָבן אַרויסצושלעפּן די קראַנקע יידן פון שפּיטאָל און באַפעלן די אוקראַינישע מיליציאַנטן זיי צו שיסן. די געפערלעכסטע הענקער אין יאַקטאָראָווער לאַגער זיינען געווען די אוקראַי־נער: ריזניק, טשאָרנאָוועץ, בוכאַיסקי, פּיעטרושקאַ, בורי און שלעפּי. פייקס מיט די אָנגערופענע אוקראַינער פלעגט ביינאַכט באַקוקן די פיס פון די שלאָפנדיקע. פאַר כלומרשט שמוציקע פיס האָט ער אַלע אויפגעוועקט און אַרויסגעטריבן אויפן פראָסט וואַשן די פיס, און דאַן שלאָגנדיק צוריקטרייבן אַלע אין באַראַק אַריין. נאָך אַזאַ „אונטערהאַלט" פלעגן אַ סך יידן איינפאַלן אויף לונגען אנטצינדונג, נירן קראַנקהייטן א. אַ. צום רייניקן די באַן גלייזעס פון שניי האָט מען געווינלעך די יידן געוועקט ביינאַכט, ווען זיי האָבן געררוט נאָך דער שווערער אַרבעט פון אַ גאַנצן טאָג. דערביי האָבן די אוקראַינער אַזוי געפּייניגט די יידן, אַז נאָך אַזאַ נאַכט זיינען אויפן פּלאַץ געבליבן אַ פּאָר טויטע. פייקס האָט ליב געהאַט זיך צו אונטערהאַלטן אויך אויף אַן אַנדערן אופן: ער האָט געשטעלט אַ פלעשל אויפן קאָפּ אָדער אויפ'ן אָרעם פון אַ ייד און זיך געלערנט שיסן צום ציל . . . גזשימעק, ווען ער פלעגט באַשטראָפן אַ ייד צום שלאָגן, האָט ער אים געוואָרפן צו ד'רערד, זיך געשטעלט אים

אויפן קאָפּ מיט זיינע אונטערגענעגלטע שטיוול, און געהייסן אויספירן די עקזעקוציע . . . ער האָט אויך פאַרקלענערט אין לאַגער די דערנערונגס־נאָרמע. (אַרכיוו פון דער וואַיעוואָדישער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין קראָקע ב'ר 484).

אינם „אַרבעטס־לאַגער" פּלוכואוו ביי זלאָטשעוו האָט מען געהאַלטן יידן וועלכע מ'האָט געכאַפּט אין פאַרשידענע שטעטלעך. דער מענטשן באַשטאַנד איז געווײנלעך געוועזן אַ פּאָר הונדערט מאַן. דער אַפּעל פלעגט פאָרקומען 4 אַ זייגער פאַרטאָג. ביים אַפּעל האָט מען געשלאָגן. ביי דער אַרבעט האָט מען געשלאָגן. געשלאָגן האָבן הויפּטזעכלעך די אוקראַינער. די יידן האָבן דאָ געאַרבעט ביים בויען אַ באַן־ליניע און אַ שאָסיי. די ניי אָנגעקומענע אין דעם לאַגער אַריין זיינען שוין נאָך 2 וואָכן געשוואָלן געוואָרן פאַר הונגער, אָבער זיי האָבן געמוזט גיין צו דער אַרבעט, ווייל אין געגענפאַל האָט מען זיי געשלאָגן ביז צום טויט. מענטשן פלעגן דאָ אויסשטאַרבן מאַסנווייז. פאַר אַ פּרואוו צו אַנטלויפן אָדער פאַר אַן אַנדערע שולד פלעגט מען דעם שולדיקן צובינדן צו אַ בוים, וואו ער איז אַזוי לאַנג געהאַנגען ביז ער איז אויסגע־גאַנגען... הויפּטזעכליך האָט מען אין דעם לאַגער געפּייניקט קינדער, וועלכע זיינען דאָ געוועזן אין אַ גרויסער צאָל. (אַרכיוו פון דער וואַיעוואָדישער יידי־שער היסטאָרישער קאָמיסיע אין קראָקע, ב'ר 244).

און אָט ווי אַזוי ס'האָט אויסגעזען אינם לאַגער לאַצקי וויעלקיע ביי זלאָטשעוו. קאָמענדאַנט פונם לאַגער איז געוועזן דער אָבערשטורמפירער וואַרצאָג. די יידן פונם לאַגער האָבן געהאַט אָנגעטייט אויף דער ברוסט אַ געלע לאַטע. זיי האָבן דאָ געאַרבעט אין די שטיינברוכן, ביי וועג־אַרבעטן, ביי קאַנאַליזאַציע א. אַ. די אוקראַינישע וועכטער פלעגן זיי שלאָגן אָן אַ פאַרוואָס מיט גומי פּאַלקעס און מיט קאָלבעס פון זייערע ביקסן מיט אַ ספּע־ציעלער אכזריותקייט האָט זיי געפּייניקט דער דייטשער אויפזעער פּפייפער. ער האָט מערדעריש געשלאָגן די אַרבעטער מיט שטיינער, אייזנס און מיט פאַרשידענע מכשירים, וועלכע ער האָט געהאַט אין דער האַנט. ווען ער האָט באַמערקט, אַז אַ ייד רוט זיך אָב אַ ווײלע, האָט ער אים אויפן אָרט געהייסן געבן 25 שמיץ אויפן הינטן. ווינטער האָבן די יידן געמוזט גיין באָרוועסע צו דער אַרבעט. זייערע קליידער זיינען געוועזן אָבגענוצט און צעריסן, דאָס עסן זייער קנאַפּ. אין די באַראַקן האָט מען ניט געהייצט. כמעט אַ יעדן טאָג האָט מען געשאָסן אַ פּאָר יידן אין לאַגער אָדער ביי דער אַרבעט. מענטשן זיינען דאָ מאַסנווייז געשטאָרבן פאַר הונגער, עלענד, אוממענטשלעכער מיד־קייט, שווערער אַרבעט און פון שלעג. נאָך אַ גאַנצן טאָג שווערער אַרבעט אין די שטיינברוכן האָט אַ יעדער אַרבעטער געמוזט מיט זיך מיטנעמען אין לאַגער אַריין אַ שטיין פון 8 ביז 10 קילאָ. מיט די שטיינער האָט מען גע־פלאַסטערט דעם וועג צו די באַראַקן. ביים אַרויסגיין פונם שטיינברוך האָבן

די אויפזעערס קאָנטראָלירט צי אַ יעדער האָט מיט זיך אַ שטיין. ביים אָנ־קומען אין לאַגער האָט מען ווידער קאָנטראָלירט. ווען איינער איז געקומען אין לאַגער אַריין אָן אַ שטיין, וועלכן ער האָט דאָך געקאָנט פאַרלירן אויפן וועג, האָט מען אים געלייגט אויף אַ פאַס, איינער האָט אים געהאלטן ביים קאָפּ, אַן אַנדערער ביי די פיס, און אַ וועכטער האָט אים אַריינגעציילט 25 שטעקנס. די שטאַרק אויסגעדאַרטע יידן האָט וואַרצאָג פאָטאָגראַפירט. ווען אַן אַרבעטער איז שטאַרק אויסגעטרוקנט געוואָרן און נישט געפעלן וואַרצאָגן, האָט ער אים געהייסן אַרויספירן פונם לאַגער און אונטערן וואַלד, וואו ס'זיי־נען שוין געווען פאַרטיקע קברים, האָט ער אים געשאָסן. אין אַלע די קברים ליגן טויזנטער געהרגטע. פיל פאַרמאַטערטע און פאַרפייניקטע פלעגן זיך אין אָוונט לייגן און מער נישט אויפשטיין. אַ יעדן אין דער פרי האָט מען פון די נאַרעס אַראָפּגענומען 7 ביז 8 טויטע. וואַרצאָג אַליין, זעענדיק די קליינע פּאַרציעס ברויט פון 12 דעקאָ, פלעגט זאָגן צו די יידן: „צום לעבן צו ווייניג, צום שטערבן צו פיל" און האָט געלאַכט. ער האָט אַמאָל געהייסן אַ גרופּע יידן זיך אויסטון נאַקעט און וואַלגערן זיך אין דער בלאָטע אויף אַ שטח פון 200 מעטער. וואַרצאָג אין געזעלשאַפט פון ס.ס. לייט איז געשטאַנען און געגוי אָבסערווירט ווי די אוקראַינישע מיליציאַנטן האָבן געשלאָגן און גע־איילט די יידן און אַ יידישן פאָטאָגראַף האָט וואַרצאָג באַפוילן אויפצונעמען די סצענע. די ערגסטע באַנדיטן פון לאַגער זיינען געווען די אוקראַינער מאַיאָרטשאַק, שאַפּראַנסקי און באַראַן. זיי זיינען צענדליקער מאָל אין דער נאַכט אַריינגעפאַלן אין די באַראַקן אַריין און פון דריישטאָקעדיקע נאַרעס געהייסן די יידן אַראָפּשפּרינגען און דערביי זיך געוויילט, שלאָגנדיק די יידן מיט גומי שטעקנס און מיט קאָלבעס. צו דער לאַטרינע האָט מען געמוזט שפּרינגען אויף אַלע פיר, און דאָרט האָט מען לענגער נישט געטאָרט זיצן ווי אַ מינוט, אין געגנפאַל זיינען די מיליציאַנטן אַריין אין דער לאַטרינע און געשאָסן די יעניקע וועלכע האָבן זיך צו דער צייט נישט געקאָנט ערליידיקן.

אַרום 12 אַ זייגער האָט מען פאַר די אַרבעטער געבראַכט פונם לאַגער צו דער אַרבעט דאָס מיטאָג, וועלכעס מ'האָט געמוזט נעמען און עסן אין אַזאַ גיכן טעמפּאָ, אַז נאָר די ערשטע האָבן געהאַט צייט און מעגלעכקייט אָב־צועסן. די איבריקע האָבן נישט געקאָנט קיין זופּ באַקומען. בשעת דעם מיטאָג האָבן די אוקראַינער אַזוי געשלאָגן די עסנדיקע איבער די קעפּ, אַז זיי האָבן אַוועקגעוואָרפן די שיסלען. זיי איז ליבער געווען צו אַרבעטן הונגעריקע איידער צו ליידן די מערדערישע קלעפּ. פון דער גרופּע, וועלכע איז טאָג טעגלעך אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט פלעגט אויף דעם אַרבעטס־פּלאַץ אַ יעדן טאָג בלייבן ביז 10 טויטע, פון שלעג און פון הונגער. אין דעם קעסל וואו מ'האָט געקאָכט די זופּ פאַר די לאַגער מענטשן האָט וואַרצאָג געהייסן אַריינוואַרפן פאַרשידענע גראָזן און פאַרפוילטע קאַרטאָפל. ווען וואַרצאָג האָט

אמאָל דערשאָסן זיין הונט, ווייל ער האָט אים צעריסן אַ צייטונג, האָט ער דעם געשאָסענעם הונט געהייסן אַריינוואַרפן אין קעסל פאַר די יידן... (אַר־כיוו פון דער וואָיעוואָדישער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין קראָקע ב׳ר 629.)

נאָכ׳ן אַרויסרייסן פונם בעסטן און געזונדסטן עלעמענט פונם יאַוואָ־רעווער יידנטום, זיינען אין שטאָט געבליבן נאָר אַלטע לייט, פרויען און קינדער. די אַרבעט האָט זיך געמערט און איז געוואָרן פאַר די איבריקע יידישע באַפעלקערונג נישט צום איבערהאַלטן. דער הונגער איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן גרעסער. דער יידנראַט האָט אַפילו איצט געגעבן אַ יעדן אַרבעטנדיקן 10 דעקא ברויט אַ טאָג, נאָר דאָס האָט גאָרנישט אויסגעמאַכט. די גרופּע וועלכע האָט געאַרבעט ביי די בוי־אַרבעטן אין לאַגער פון די סאָוויעטישע געפאַנגענע — האָט געלעבט אַביסל בעסער. די יידן, וועלכע האָבן דאָ געאַרבעט האָבן זיך, מיט גרויסע שוועריגקייטן, קאָנטאַקטירט מיט די סאָוויעטישע געפאַנגענע און האָבן אַפילו איינמאָל דערמעגלעכט די גע־פאַנגענע צו אַנטלויפן פונם לאַגער. באַזאָרגנדיק זיי פריער מיט שערן צום שטעכלדראָט, מיט ברויט און טאַבאַק. דאָס אַנטלויפן איז זיי געלונגען, זיי זענען אָבער שפּעטער אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער אוקראַאינישער באַ־פעלקערונג, וועלכע האָט זיי איבערגעגעבן די דייטשן. מ׳האָט זיי צוריק־געבראַכט אין לאַגער אריין און זיי דאָרט פאַרהונגערט. אין דער צייט פונם גרויסן הונגער איז אין לאַגער ביי די געפאַנגענע פאָרגעקומען אַ פאַל פון מענטשנפרעסעריי: עטלעכע רוסן האָבן ביי אַ געשטאָרבענעם חבר אויסגע־שניטן אַ שטיק פליייש און עס געבאַקן אויף אַ פייער. די דייטשן האָבן זיי דערביי געכאַפּט און געשאָסן.

זומער 1942 זענען אין דעם לאַגער געקומען 2 געסטאַפּאָווצעס בכדי דאָ צווישן די געפאַנגענע אויסצוזוכן אַמאָליקע מיליטערישע פּאָליטישע לייי־טערס (פּאָליטרוק), קאָמסאָמאָלצעס און יידן. אין די רייען פון די געפאַנגענע האָבן זיך געפונען מוסרים, וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן זייערע חברים, פאַר וואָס זיי האָבן באַקומען אַ טאָפּלטע פּאָרציע זופּ. די געסטאַפּאָ האָט אויסגע־פונען 30 געוועזענע פּאַרטיי־מיטגלידער און יידן, זיי אָפּגעפירט טיפער אין וואַלד און דאָרט דערשאָסן. זיי האָט מען געצוואונגען פאַר דעם טויט זיך אויסצוגראָבן אַ קבר.

דעם זעלבן טאָג האָבן די צוויי געסטאַפּאָ לייט פאַרלאַנגט, אז די אוקראַי־נישע מיליץ זאָל פאַרזאַמלען אין שטאָט אַלע אַלטע און קראַנקע יידן. אַן אוקראַאינישער מיליציאַנט, נישט קיין יאַווערעווער, מיטן נאָמען בולאַווקא האָט צוגעבראַכט צום מאַגיסטראַט 12 יידן, וועלכע ס׳איז אים געלונגען צו כאַפּן: אהרון גרובער, מייער אסטמאַן, יוסף בערמאַן, יוסף בולק, משה בולק,

דוד פּאַמעראַנץ, שבתי יוניס, אלטר מאַנדשיין, די פרוי צעגלער, הערש וועסט, הערש ליכט און שלום מאַנדעלבראַט. מ'האָט די גרופּע אַרויסגעפירט אין וואַלד אַריין, וואו מ'האָט זיי געשאָסן און באַערדיקט נישט ווייט פון די שפּע־טערדיקע מאסן קברים ביי דעם פּאַרודענקער וועג.

דאָס פּאַרפּייניקטע יאַווערעווער יידנטום, אייגנטלעך זיינע רעשטלעך, האָבן מאַכטלאָז און הונגעריק געלעבט אין טויטשרעק אָן האָפנונג, שטרעבנ־דיק פאַר יעדן פּרייז צו דערהאַלטן דאָס לעבן, וועלכעס ס'איז געוואָרן אַזוי ביליג... טיילסמאָל פלעגט צווישן די יידן אַדורכפליען ווי אַ בליץ עפּעס אַ פאַנטאַסטישע אויסגעטראַכטע ידיעה, אַז מ'וועט בקרוב אויסגעלייזט ווערן... אָבער די טאָגטעגלעכע ווירקלעכקייט, די געסטאַפּאָ, די אָ. ד., צו וועלכער ס'האָבן געהערט אייגענע מענשן, און וועלכע האָבן אַזוי שענדלעך פאַראַטן און פאַרקויפט באַקאַנטע און אפילו די נאָענטסטע; — די אוקראַי־נער, דער הונגער און די אַלגעמיינע יידישע לאַגע — דאָס אַלעס האָט גיך צעבלאָזן דעם נישט באַרעכטיקטן אָפּטימיזם און די האָפנונגען... די נאַקעטע ווירקלעכקייט איז מיט אַ יעדן טאָג געוואָרן שרעקלעכער. ס'האָבן זיך גע־מערט אַלע מאָל מאָדנע און שרעקלעכע קלאַנגען, אַז פונם גאַנצן לאַנד, פון גאַנץ גאַליציע, פון אַלע באַקאַנטע שטעט און שטעטלעך — גייען טאָג־טעגלעך לאַנגע צוגן, פול געלאָדענע מיט יידן... די צוגן — האָט מען געשמועסט — גייען קיין בעלזשעץ מיט מענשן און צוריק פירן זיי... בלויז קליידער. מ'האָט זיך דערציילט אויפן אויער, אַז די מאַסנטראַנספּאָרטן פון מענשן פירט מען קיין בעלזשעץ אַלס רוימאַטעריאַל פאַר אַ זייף פאַבריק.

ווען מ'איז אין יאַווערעוו געוואויער געוואָרן וועגן די „אַקציעס" אין לעמבערג און אין קראָקע, ווען מ'האָט זיך דערוואוסט וועגן די בלוטיקע ליקווידאַציעס פון די יידן אין די נאָענטע שטעטלעך ווי גרידיק, מאָשציסק און סאָנדאָוואָ ווישניא — איז די לאַגע אין שטעטל געוואָרן נישט דערטרעג־לעך. מענשן זיינען פון זינען אַראָב פאַר שרעק פאַר דעם אומבאַוואוסטן, וואָס קאָן מאָרגן געשען. יעדער ייד האָט זיך געפילט איינזאַם און פאַרלאָזט. אַ יע־דער האָט נאָר געטראַכט וועגן זיך, און אין בעסטן פאַל — וועגן דיינע נאָענסטע. מענשן האָבן מורא געהאַט פאַר די שכנים, וועלכע וואָלטן זיי גע־קאָנט אויסגעבן. מ'האָט מורא געהאַט פאַרן אייגענעם שאָטן. מענשן האָבן אַ יעדע מינוט דערוואַרט די קאַטאַסטראָפע; איז מען געשלאָפן אין די באַ־העלטענישן, אין די פאַרמאַסקירטע בונקערס. מ'האָט זיך וואָכנלאַנג נישט אויסגעטאָן, מ'איז כסדר געווען גרייט... אין חודש סעפּטעמבער 1942 האָט מען אויפן באַפעל פונם דייטשן גענעראל אומרו איינגעשטעלט אלע אַרבעטן און בויען אין הינטערלאַנד פון דער אַרמיי, ווייל ביי די אַרבעטן האָבן זיך „געדעקט" פאַרשיידענע דעזערטירן. נאָך דעם באַפעל האָבן 60 יאַוואָראָוווער יידן, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי בוי־אַרבעטן אינם לאַגער פאַר סאָוויעטישע

קריגס־געפאַנגענע, פאַרלוירן דעם באָדן אונטער די פיס און די ביזאיצטיקע זיכערקייט.

אַ יעדן טאָג האָט מען אין שטעטל דערוואַרט די קאַטאַסטראָפע. מענשן האָבן אָנגעהויבן בויען און אויסטראַכטן פאַרשידענע באַהעלטענישן. עטלעכע יידן האָבן זיך אויסגעספּעציאַליזירט אין דער אַרבעט און האָבן געבויט אַזעל־כע בונקערס פאַר אַ געוויסן אָבצאָל.

מ'האָט געבויט באַהעלטענישן אונטער דער פּאָדלאָגע און אויף די בויי־דעמעס. דער שווערסטער פּראָבלעם איז געווען דאָס פאַרמאַסקירן דעם אַריינ־גאַנג. מ'האָט געבויט פאַרשידענע באַהעלטענישן מיט אַריינגענג דורך די קיכבלאַטן, דורך שופלאָדן פון שענק, דורך שווועלן, טרעפּן א. אַ. וו. מ'האָט אויך געבויט באַהעלטענישן אין בוידעם שטיבלעך אָדער געמויערטע בונ־קערס מיט קלאָזעטן און ווענטילאַציע. (אַרכיוו פון דער וואַיעוואָדישער יידי־שער היסטאָרישער קאָמיסיע אין קראָקע נ'ר 1005.)

אַ טייל פרויען האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון יאַוואָראָוו אויף אַזוי גערופענע „אַרישע פּאַפּירן". אויף אַזאַ אופן האָבן יך געקאָנט ראַטעווען פיל מער פרויען. ליידער האָבן דאָס געטאָן נאָר איינצעלנע ווי ד'ר אירענאַ יאַר, האַניע האנדעל, צעשע שוואַרץ מיטן קינד, די שוועסטערן זייפער מיטן ברודער שייע זייפער, פייגע גרינשטיין און די סאָבעלזאָן. דאַמאָלס האָט זיך דער אַלטער ד"ר שאול יאַר אויפגעהאָנגען, נישט וועלענדיק אין דער שווערער צייט זיין אַ לאַסט פאַר זיין פרוי...

אַלע ארומיקע שטעטלעך זיינען שוין אַדורכגעגאַנגען דאָס גהינום פון בלוטיקע „אַקציעס" און ליקווידאַציעס, אַ חוץ די ערטער, וועלכע האָבן אַדמיניסטראַטיוו געהערט קיין יאַוואָרעוו אַלס „יודענשטאַדט". די יאַווערע־ווער יידן האָבן ווידער אָנגעהויבן גלויבן אין אַ נס... אפשר וועט יאַווערעוו ניצול ווערן?...

ס'איז אָבער געקומען דאָס, וואָס ס'איז געווען ווי אַ גורל, נישט אויס־צומיידן...

## קאַפּיטל 4.

שבת, דעם 7 נאָוועמבער 1942. דער טאָג איז געווען אַ טריבער, אַ רעגנדיקער. אַרום 7 אַ זייגער אין דער פרי האָט מען פּלוצים דערהערט שיסן. אַן אָבטיילונג ס.ס. לייט, וועלכע איז געקומען פון לעמבערג אויף אַן „אַקציע" קיין יאַוואָראָוו, האָט אַרומגערינגעלט דאָס שטעטל. מ'האָט קיינעם ניט אַריינגעלאָזט און ניט אַרויסגעלאָזט פון שטעטל די ס. ס. האָבן זיך באַלד אַ לאָז געטאָן צום יידישן פערטל, צום שולהויף. אין מאַרק זיינען געשטאַנען, אָנגעקומענע פון לעמבערג, געדעקטע אויטאָס מיט באַדינונג אין שוואַרצע מונדירן. ווער ס'האָט זיך צופעליק געפונען אין גאַס איז אַנטלאָפן און זיך באַהאַלטן. אין יידישן פערטל איז געוואָרן אַ בהלה. די ס.ס. האָבן אָן אויפהער געשאָסן און געוואָרפן גראַנאַטן אין די קעלערס און אויף די באַ־העלטענישן, אויף וועלכע מ'האָט זיי אָנגעוויזן, אַז דאָרט באהאלטן זיך יידן. מיט דער הילף פון דער אוקראַינישער מיליץ ווי אויך דער אָ. ד. האָבן די ס.ס. לייט דורכגעפירט רעוויזיעס אין אַ יעדן יידישן הויז, ווי אויך דאָרט, וואו מ'האָט געהאַט אַ חשד, אַז יידן האָבן זיך אויסבאהאלטן. מ'האָט געזוכט זייער גענוי. די יידישע אָ. ד. האָבן געזוכט אין אַ יעדער באַהעלטעניש, וועלכע זיי האָבן גוט געקענט, און אָן רחמנות האָבן זיי פון דאָרט אַרויסגע־שלעפּט די טויט דערשראָקענע יידן. ביי דער אַרבעט ווי אויך ביי דער גאַנ־צער אַקציע, האָבן זיך דאַמאָלס אויסגעצייכנט די יידישע מיליציאַנטן, וועלכע האָבן אַזוי אַרום גערעכנט זיך אויסצופיינען אין די אויגן פון די דייטשע מערדער: לייזער קאַמערמאַן פון סאַנדאָווע ווישניע, מונדעק הענער (שלמה'ס זון), שמעון קאניגעל, בענעק שטראָוס, שלמה באַגען (איציעס זון), לוי האַלצמאַן, סעווער קירשבאַום, זישע ליפשיץ און הערש גרינשטיין. זיי האָבן געפונען און אויפגעריסן די באהעלטענישן ביי אַדלערן, ביי פּייוועל קלאָר־פעלד און ביי פּנחס מאַנבער, פון וועלכע מ'האָט אַרויסגעשלעפּט 70 יידן און זיי באַלד געשאָסן.

באַלד אין דער פרי איז דער אוקראַינישער בירגערמייסטער באַטשינסקי מיטן אָרטסקאָמענדאַנט האָלוב געגאַנגען אין יידישן פערטל בכדי אויפן אָרט צו קאָנטראָלירן די „אַרבעט". אַ גאַנצן טאָג האָט מען געזוכט און געכאַפּט יידן, וועלכע מ'האָט צוגעבראַכט און קאָנצענטרירט אויפן פּלאַץ, אַנטקעגן די הייזער פון אַלטשילער און ליטמאַן. די פאַרזאַמעלטע יידן מיט טויט ווייסע פּנים'ער זיינען דאָ געזעסן אַ גאַנצן טאָג אויף דעם רעגן. די ס.ס. לייט און די אוקראַינישע מיליציאַנטן האָבן גענישטערט אין שטאָט, וואו זיי האָבן אָן אויפהער געשאָסן. דעם טאָג זיינען אין די באַהעלטענישן, אויף די גאַסן

און אין די היימען, געשאָסן געוואָרן אַרום 200 מענשן. דער גרעסטער טייל איז געשאָסן געוואָרן אינם שמאָלן געסל, נעבן טעלערס הויז, אין וועלכן דער יידנראַט האָט אַמטירט. אַהער האָבן די אוקראַינישע מיליציאַנטן, ווי אויך די אָ. ד. געבראַכט די אָרעמע יידן, נאָך וועלכע מ'האָט געיאָגט ווי נאָך ווילדע חיות. דאָ האָט מען זיי געשלאָגן ביז גסיסה, דאַן האָט מען זיי אויס־געטון נאַקעט און געשאָסן. פון דעם געסל, וואו עס איז פאָרגעקומען די שחיטה האָט מען געהערט אַן אומאויפהערלעכן גרוילעכן געשריי, געוויינען, תפילות, דאַן האָט אַ שאָס געשטילט אַלעס אויף אַ ווײַלע. און אַזוי כסדר, אָן אויפהער. די פּאַליאַקן, וועלכע מ'האָט מאָביליזירט צו דער „אַקציע", האָבן אַוועקגערוימט די דערמאָרדעטע יידן.

פון דעם פּלאַץ וואו מ'האָט קאָנצענטרירט די געכאַפּטע יידן האָט מען זיי אַוועקגעפירט נאָכמיטאָג צו די אויטאָס, וועלכע מ'האָט פאַרלאָדן מיט די האַלב טויטע קרבנות און זיי באַלד אָבגעפירט צו דער באַן־סטאַציע. די אויטאָס זיינען באַלד צוריקגעקומען נאָך אַ נייעם טראַנספּאָרט. איין ס.ס. מאַן האָט אויפן קול געציילט די קרבנות און די אויטאָס. פון די טראַנספּאָרטן, וועלכע האָבן געפירט אין אייביקן, אומבאַוואוסטן וועג אַריין, האָבן זיך גע־טראָגן האַרצרייסנדיקע געוויינען פון קינדער און דאָס יאָמערן פון אַלטע. אָן אויפהער האָט מען געפירט גרופּעס יידן פונם זאַמלפּלאַץ צו די אויטאָס אין רינג. די יידן, טויט בלאַסע, האָבן זיך געהאַלטן ביי די הענט. זיי זיינען געגאַנגען רוהיק, נישט זעענדיק וואָס אַרום זיי טוט זיך. דער יאַווערעווער רב, אלימלך פרענקעל, איז געגאַנגען רוהיק, אָנגעטאָן אין אַ קיטל, און שטיל געזאָגט ווידוי.

פאַרנאַכט איז שוין אַלעס געווען פאַרענדיקט. די יידן זיינען פאַרלאָדן געוואָרן אין צוג, וועלכער איז אַוועק קיין בעלזשעץ. דעם טאָג האָט מען אַוועקגעפירט אַרום 1500 יידן, פרויען, מענער און קינדער. מ'האָט פאַרנומען צום טראַנספּאָרט אַלע קראַנקע פון שפּיטאָל און כמעט אַלע מיטגלידער פונם יידנראַט. דעם טאָג זיינען אַוועקגענומען געוואָרן די משפחות זינגער, פּאָמע־ראַנץ, מיזעס מיט דער טאָכטער זלאַטע דרוק, שאול שוואַרץ, סטעפעק אַפּטער, און הונדערטער, הונדערטער אַנדערע. אַנשל דרוק איז, אַלס קראַנקער, דער־שאָסן געוואָרן אויף זיין בעט. דער ד'ר באַך איז גוטוויליק מיטגעגאַנגען מיט זיין כלה יאַדזיע בער. דעם רב אלימלך פרענקעל מיט זיין משפחה, גלייך ווי אַנדערע יידן, האָט אויפגעלאַדן אין צוג אַריין אַ יידישער אָ. ד.־מאַן. דער רב האָט מיט אַ געוויין זיך געזעגנט מיט די איבערגעבליבענע ווי אויך די אָ. ד., בענשנדיק זיי מיט די ווערטער: „גאָט זאָל זיך מרחם זיין איבער אייך, זאָל איך זיין דער אויסלייזער און דער לעצטער קרבן פאַר אַלע יידן". (אַרכיוו פון דער וואָיעוואָדישער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין קראָקע, נ'ר 1006.)

אין דעם טאָג פון דער „אַקציע" זיינען אויך פאָרגעקומען שוידערלעכע

סצענעס אין די באַהעלטענישן. דער אַפּטייקער קאַלמוס, וועלכער איז געווען באַהאַלטן מיט זיין פאַמיליע, האָט געסמט זיין קינד, וועלכעס האָט געקאָנט מיטן וויינען זיי אַלע אויסגעבן. אַ פרוי מאָורער האָט אויך אין אַ באַהעלטעניש דערשטיקט איר קינד. דוד באַדיאַן, דער פאָרזיצער פונ'ם יידנראַט, וועלכער האָט געוואוסט וואו זיין חבר שלמה הענער איז באַהאַלטן מיט זיין פאַמיליע און מיט נאָך אַנדערע יידן, האָט געוואָלט עפענען זיין בונקער און ער האָט גערופן: „שלמה, קענסט אַרויסגיין, דאָס בין איך". אָבער הענער האָט גוט געקענט זיין חבר און איז פון באַהעלטעניש נישט אַרויס, און אַזוי אַרום איז ער קיין בעלזשעץ נישט געגאַנגען...

אַלע, וועלכע זיינען דאָ געווען אויסבאַהאַלטן, צווישן זיי די משפחות הענער און לאַנדעס, זיינען דערוויייל ניצול געוואָרן.

נאָכן אַרויספירן פון די יידן קיין בעלזשעץ איז די „אַקציע" נישט אָבגעשטעלט געוואָרן. אָפיציעל האָט מען די אַקציע פאַרענדיקט און די ס.ס.־לייט זיינען מיט אויטאָס צוריקגעפאָרן קיין לעמבערג, זינגענדיק נאָכן „אַרבעטס"־טאָג „אַ, פאַטערלאַנד, אַ פאַטערלאַנד", פאַקטיש אָבער האָט די אַקציע נאָך געדויערט. די אוקראַינישע און די דייטשע מיליץ האָט אַ גאַנצן זונטיקדיקן טאָג געזוכט און אויסגעכאַפּט די אומגליקלעכע, וועלכע האָבן זיך אָבגעראַטעוועט פון בעלזשעץ. מ'האָט אויפגעריסן פאַרשידענע באַהעלטענישן, געראַבעוועט פאַרלאָזטע יידישע היימען און געשאָסן אַ יעדן, וועלכן מ'האָט געכאַפּט. די אוקראַינישע באַנדיטן האָבן איינגעאָרדנט אַ רעגעלמעסיקן פּאָגראָם.

א יעדער שטיין אין מאַרק און אין דעם יידישן פערטל איז געווען באַשפּריצט מיט בלוט. מיטן פּאָגראָם האָט אָנגעפירט דער בירגערמייסטער באַטשינסקי, געהאָלפן האָבן אים אַנדערע אוקראַינער ווי האָרניאַק, בולאַווקאַ, סקאָביעלסקי, מאַנקאָ און אַנדערע. די געכאַפּטע יידן האָט מען אויפן אָרט, אויף אַ בעסטיאַלישן אופן געמאָרדעט, אָדער מ'האָט זיי געפירט אין שול אַריין, וואו מ'האָט אָדורכגעפירט די עקזעקוציע. אויף אַזאַ אופן איז דעם טאָג געפאַלן אַרום 200 יידן. צווישן אַנדערע זיינען דעם טאָג דערמאָרדעט געוואָרן די יידישע מיליציאַנטן: בענעק שטרויס, שלמה בויגען און סעוועך קירשבוים. דאָס עפענען פון יידישע בונקערס און אַרויסגעבן יידן דעם דייטש, האָט זיי דאָס לעבן נישט פאַרלענגערט... דעם טאָג איז אויך אויף אַ שרעקלעכן אופן דערהרגעט געוואָרן דער דענטיסט צימערמאַן. די דייטשן האָבן אים נעכטן פאַרשוינט און נישט גענומען קיין בעלזשעץ, ווייל ער האָט געהאַט דאָקומענטן אַלס אַ מיליטערישער דענטיסט. היינט האָבן אים די אוקראַינער געכאַפּט אין גאַס, אים אַרויסגעריסן לעבעדיקערהייט דעם גאָלדענעם געביס פון מויל און אים געשאָסן.

בשעת דער שחיטה איז דורך די גאַסן דורכגעגאַנגען אַ גריכיש־קאַטוי־לישע קלויסטער פּראָצעסיע מיט גלחים, מיט פענער און מיט קלויסטער געזאַנגען. ס'איז אין דעם טאָג געווען אַן אוקראַינישער יום טוב. די פּראָ־צעסיע האָט געטרעטן אויף די שטיינער, באַגאָסענע מיט יידיש בלוט... און דעם 8 נאָוועמבער האָט די דייטשע זיכערהייטס־פּאָליציי געמאַכט אַ סוף צום פּאָגראָם.

דערווייל זיינען פונם צוג, וועלכער האָט געיאָגט קיין בעלזשעץ אַרויס־געשפּרונגען די מער ענערגישע. אַ טייל פון די „שפּרינגערס", ווי מ'האָט זיי גערופן, איז געלונגען אַפילו צוריקצוקומען קיין יאַוואָרעוו. אַ סך זיינען ביים שפּרינגען גע'הרג'עט געוואָרן. אַזוי זיינען צוריקגעקומען דוד באַדיאַן *) און שמעון קאַניגעל, וועלכער האָט מיט אַ האַק געעפנט אַ וואַגאָן. פונם צוג איז אויך אַרויסגעשפּרונגען יאַדזיע בער, זי איז אָבער געבליבן הענגען מיטן קלייד אויפן וואַגאָן ביז אַ דייטשער פּאָליציאַנט האָט זי געשאָסן. צוריק־געקומען זיינען דאַן אויך די ברידער שמואל און חיים אונגער, חיה בעם מיט צוויי קינדער, סימעלע שטריך מיט'ן קינד, בלימה אַמבאַך, אסתר בולצ'ס צוויי קינדער, וואָלף קץ פון אַזשאַמלע, סימע מענדעלזאָן און אַנדערע. ביים אַרויסשפּרינגען פונם צוג זיינען געהרגעט געוואָרן: עלקע וואורצל, משה אייכבוים, שמואל מענדעלזאָן און פיל אַנדערע.

---

*) קאַטש באַדיאַן האָט געטריי געדינט דעם נאַצישען הענקער, האָבען אים די „פרעמדע" געשטאָפּאָ־לייט נישט געשוינט און פאַרנומען קיין בעלזשעץ מיט אַלע אַנדערע יידן.

## קאַפּיטל 5.

מאָנטיק דעם 9 נאָוועמבער 1942 האָט די זיכערהייטס־פּאָליציי באַקאַנט געמאַכט אַז פונם היינטיקן טאָג אָנגעהויבן ווערט אין יאַוואָרעוו געשאַפן אַ געטאָ. פון איצט אָן דאַרפן די אַלע לעבנגעבליבענע יידן זיך איבערטראָגן אינם נייעם פערטל.

די לעבנגעבליבענע יידן זיינען אַרויסגעקראָכן פון די באַהעלטענישן, פון די בונקערס, מיטנעמענדיק מיט זיך א יעדער אַ קליין טלומעקל מיטן גאַנצן אָרעמען פאַרמעגן. דעם טאָג זיינען אַריין אין געטאָ אַרום 1000 יידן פון יאַוואָרעוו גופא און פון די אַרומיקע דערפער. דאָס אַרויסטרייבן די יידן פון דראָהאָמישל איז פאָרגעקומען אויף אַזאַ אופן: אַן אוקראַאינישער מיליציאַנער האָט אין מיטן דער נאַכט אויפגעוועקט אַלע דאָרטיקע יידן און נאַקעטע און באָרוועסע זיי צוזאַמענגעטריבן אין די געמיינדע שטוב. פון דאַנען האָט ער די גאַנצע גרופּע גיאָגט לויפנדיק קיין יאַוואָרעוו, אַרום 15 קילאָמעטער. מ׳האָט קיינעם נישט דערלויבט מיט זיך מיטצונעמען קיין זאַך. מ׳האָט זיי נישט דערלויבט אפילו זיך אָנצעטאָן. אויפן וועג האָבן זיי געמוזט זינגען סאָוויעטישע לידער, ווי למשל „מאָסקוואַ מאָיאַ". אַזוי זיינען זיי, לויפנדיק, אָנגעקומען קיין יאַוואָראָוו אין געטאָ. מ׳האָט אויף אַזאַ אָדער אויף אַן ענלעכן אופן צוזאַמענגעטריבן קיין יאַוואָרעוו די לעצטע לעבעדיקע יידן פון די אַרומיקע דערפער: פון ראָגוזשנע, אַזשאַמלע, פרילביץ, שקלאָ, פאָרודנע, אָלשאַניצע, נאָהטשעוו, טשערנילאָווע, ווערביאַן, אַלט און נייי יאַזשואָוו, ברוכנאַל, בערדיכואָוו, פאָדלוב, באַנואָוו, טשאַרנאָקאָניעץ, נאָוואָ־שולעק, סעליסק, לוביען מאַלי, זאַוואַדואָוו און גנויניק.

אָנהויבס איז דאָס געטאָ געווען אין אַ פּאָר הייזלעך אַרום דעם בית המדרש און דעם באָד. דאָס „נייע געטאָ לעבן" האָבן די יידן אָנגעהויבן אין אַ שרעקלעכער ענגשאַפט ווי אין בינשטאָקן, אין אַן אוממענשלעכן שמוץ, אָן וואַסער, אָן קליידער, אָן וועש, אָן עסן.

ס׳האָבן אויסגעפּעלט די נייטיקסטע זאַכן פונם ערשטן געברויך וועגן עמעץ האָט זיך געוואַגט אַרויסצוגיין פון געטאָ אין די פריערדיקע וואוינונג נאָך עפּעס אַ זאַך, איז ער אין גאַס געשאָסן געוואָרן. א יעדן טאָג איז אין געטאָ געוואָרן ענגער און שרעקליכער, ווייל כסדר זיינען אָנגעקומען נייע יידן ווי אויך די „שפּרינגערס" פונם בעלזשעצער צוג. אויף זיי, וואָס זיינען בגנבה געגאַנגען אין געטאָ אַריין האָט געוואַרט דער הענקער פון די יאַוואָרעווער יידן וואָלף און זיי געהרגעט אָן רחמנות. ער האָט אייביק געלויערט אַרום געטאָ און פלעגט אומפאַרהאָפט זיך באַווייזן דאָרט וואו מ׳האָט אים

אַמוויניקסטן דערוואַרט. באַלד דעם צווייטן טאָג נאָכן שאַפן דאָס געטאָ האָט ער אַזוי אַרום דערמאָרדעט 20 יידן, צווישן זיי אויך דעם שוחט נפתלי פעלץ און יואל פוס. ער פלעגט זאָגן, אַז ער קען נישט עסן דאָס מיטאָג אויב ער האָט קיין ייד נישט געהרגעט... אין געטאָ האָבן זיך אויך געפונען די מיטגלידער פונם געוועזענעם יידנראַט דוד באַדיאַן און בוזיע האַן, וועל־כע האָבן ווידער „באַגליקט" די יאַוואָרעווער יידן און איבערגענומען די הערשאַפט איבער זיי. זיי האָבן זיך צוגענומען אַ פּאָר נייע מיטגלידער און אָנגעהויבן זייער „אַרבעט" אין הויז פון אַ געוויסן לאַפּאַטשאַק, וועלכעס ס'האָט זיך געפונען אויפן שטח פונם געטאָ. אינם הויז פונם רב פרענקעל האָט מען געשאַפן אַ שפּיטאָל, וואו מ'האָט אָנגענומען די שווער קראַנקע. מ'האָט אויך אין געטאָ געשאַפן אַ הילפס־קאָמיטע, צו וועלכן ס'האָבן געהערט: דוד באַדיאַן, יעקב ווינטער, בוזיע האַן, זלמן לאַנג, לייב בוימעל, די ברידער דויערמאַן, שלמה הענער און חנך כאַראַק. זיי האָבן דיספּאָנירט מיט גרויסע סומעס געלד, מיט מעדיקאַמענטן און מיט שפּייז. ספּעציעלע שליחים פלעגן מיט דער דערלויבעניש פון דער דייטשער אַדמיניסטראַציע אַרויסגיין פון געטאָ און איינקויפן די אַלע נויטיקע זאַכן און פּראָדוקטן. אָבער אַפילו נישט קיין 10 פּראָצענט פון דעם אַלעמען האָט מען צווישן די יידן נישט פאַר־טיילט. דעם רעשט לויט אַן אַלטער געוואוינהייט, האָבן איינגעשלונגען די יידישע פאַרזאָרגערס, די בלוטזויגערס דוד באַדיאַן, בוזיע האַן, שלמה הענער און יעקוב ווינטער.

דעצעמבער 1942 האָט מען געבראַכט אין דער „יודענשטאַדט" אַריין די נישט דערשלאָגענע רעשטלעך, וועלכע זיינען געבליבן נאָך פאַרשידענע „אַקציעס" אין די אַרומיקע שטעטלאַך: קראַקאָוויץ, מאָשציסק, סאָנדאָווע ווישניע, לובאַטשאָוו, קרוקניעץ, הוסאַקאָוו, וויעלקיע אָטשי און אין די דערפער, וועלכע האָבן געהערט צו די שטעטלעך. די ענגשאַפט אין געטאָ איז געוואָרן נישט צום איבערטראָגן. די געזונדהייטס באַדינגונגען זיינען געווען אויסער יעדן פּרימיטיוון פאַרלאַנג פון היגיענע. דער נייער יידנראַט האָט באַקומען פון דער דייטשער אַדמיניסטראַציע אַ גאַנצע גאַס אין יידישן פּערטל, כדי דאָס געטאָ צו פאַרברייטערן, אָבער ער האָט פאַר די ניי־אָנגעקומענע יידן אויס־געטיילט נאָר אַ פּאָר הייזלעך. לייב בוימעל און זלמן לאַנג זיינען געווען פאַרוואַלטערס פון די וואוינונגען אין געטאָ. זיי האָבן פאַרענגט דעם וואוי־נונגס־שטח אין געטאָ בכדי צו קענען האַנדלען מיט וואוינונגען, וועלכע זיינען געשטאַנען ליידיק. ווער ס'האָט זיי גוט באַצאָלט, האָט באַקומען אַ וואוינונג. די איבריקע, אַרעמע, הונגעריגע, אַזוי יאַוואָרעווער, ווי אויך פרעמדע, האָבן געוואַרט אויף אַ ווינקל אין בית המדרש. ווער ס'האָט אויך דאָ נישט געקאָנט זיך אַריינבאַקומען איז געלעגן אויפן פּראָסט אויף דער גאַס. די נייע אָנגעקומענע מענשן זיינען געשטאַנען אויף דער קעלט . ביז

3 מעת לעת מיט זייערע טלומעקלעך. אין דערוואַרטונג אויף אַ וואוינונגס־ווינקל זיינען פיל מענשן אויסגעשטאָרבן פאַר קעלט. אין דעם בית המדרש האָט מען אָנגעשטופּט אַזוי פיל מענשן, אַז ס'איז דאָרט געווען אוממעגלעך צו אָטעמען, אַזוי, אַז אין געטאָ איז באַלד אויסגעבראָכן אַ טיפוס, מיטן צענטער אין בית המדרש.

דאָס אָפיציעל פאַרגרעסערטע געטאָ האָט אַרומגענומען דעם שטח צווישן דעם מאַרק, דער אַלעקסאַנדראָוויטשאַ גאַס און דעם גריכיש־קאַטוילישן קלויסטער ווי אויך דעם גאַנצן שולהויף די צוים־ליניע אַרום דעם געטאָ איז געווען זייער אַ געדרייטע און געהאַט אַ סך אריינגענג, ביי וועלכע ס'האָבן געוואַכט דייטשע פּאָסטנס. אינ'ם געטאָ, אין 80 הייזלעך האָבן געוואוינט אַרום 5000 יידן. אַזוי אַרום האָט געוואוינט אין אַ יעדן הייזל ביי 60 מענשן . . .

אין דער זעלבער צייט, ווען דער גאַנצער קיבוץ יידן האָט איבערגעלעבט אַזאַ גהינום אין געטאָ, האָבן די יידנראַט מיטגלידער געוואוינט זייער באַקוועם, און אַפילו מיט לוקסוס. זיי האָבן געהאַט אַלעס, וואָס זיי האָבן געברויכט: ריין און ניי בעטצייג, ריינע וועש, עלעגאַנטע קליידונג. זיי האָבן געהאַט אַלעס צו דער זעט. דער יידנראַט האָט פאַר זיך איבערגענומען באַרזאַמ'ס הויז ביי דער אַלעקסאַנדראָוויטשאַ גאַס. אַ חוץ פאַרשידענע אָבטיילן פונ'ם יידנראַט, איז דאָ אויך געווען אַ תפיסה פאַר יידן און די קאָמענדאַנטור פון דער יידישער מיליץ. דאָ איז אויך געווען אַ רייכער בופעט פאַר דעם יידנראַט, וועלכן ס'האָבן געהאַלטן די פרויען פון יעקב ווינטער און זלמן לאַנג. אין דער צייט פון אַלגעמיינעם גרויסן הונגער, האָבן אין דעם בופעט זיך באַשפּייזט נאָר די מיטגלידער פונ'ם יידנראַט, די אַ. ד. און אויך זייערע נאָענטע. ביינאַכט פלעגן זיך פונ'ם געטאָ אַרויס'גנב'ענען קינדער אָדער אַלטע פרויען און גיין צו די שכנות'דיקע אוקראַינער אָדער פּאָליאַקן אויסבעטן אַ פּאָר קאַרטאָפל אָדער אַ שטיקל ברויט. וואָלף, דער הענקער, האָט אָבער נישט גערוט און כמעט אַיעדן אין דער פרי האָט מען ביים געטאָ־צוים געפונען עטלעכע געשאָסענע קינדער. איין מאָל האָט וואָלף ביי אַ אוקראַינער סטאַנקאָ געכאַפּט צוויי מיידלעך פון געטאָ, שרה'לע בולץ און מאַלע שווייצער, און זיי אָבגעפירט צום יידנראַט. ער האָט דעם יידנראַט געמאַכט גוואַלדיקע פאַרוואורפן, וואָס ער דערלויבט די מענשן פון געטאָ אַרויסצוגיין אין שטאָט אַריין. דאַן האָט ער אָנגערייצט זיין הונד אויף די צוויי מיידלעך און נאָך דעם די שטאַרק צעביסענע געשאָסן. אַן אַנדער מאָל האָט ער געכאַפּט אַ געוויסן רייך פון קראַקאָוויעץ, וועלכער איז מיט נאָך אַ חבר פאַרטאָג צוריקגעגאַנגען אין געטאָ אַריין מיט מעל, וועלכעס זיי האָבן געקויפט ביי אַ אוקראַינער. ער האָט זייביידע געשאָסן אויפ'ן אָרט. אַזעלכע פאַלן איז געווען אין די צענדליקער. אַיעדן אין דער פרי האָט מען די יידן אין געטאָ אַרויסגעגעבן צו 10 דעקאָ

ברויט. אויף דעם ברויט האָט מען געמוזט וואַרטן אין רייעס.ביי וועלכע ס'האָבן געהאַלטן „אָרדנונג" די אָ. ד. דאַמאָלס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ חיה'שער אכזריות דער אָ. ד.־מאַן מונדעק העננער, וועלכער האָט מיט אַ נאַהייקע געשלאָגן די קראַנקע יידן, וואָס האָבן געבעטן ברויט אויסער דער רייהע. אַזוי האָט ער אַמאָל מערדעריש צעקאַטעוועט געניע שטריך פאַר אַזאַ „פאַרברעכן". . .

דער הונגער האָט געהערשט ווי פאַר דעם געטאָ. ווער ס'האָט נישט געהאַט קיין גאָלד אָדער קיין ווערט־זאַכן איז געווען פאַראורטיילט צום הונ־גער־טויט. מענשן זיינען אַרומגעגאַנגען געשוואָלענע און נאָך אַ פּאָר טעג זיינען זיי געשטאָרבן אין שרעקלעכע יסורים. גלייכצייטיק האָט געבושעוועט דער טיפוס. מענשן זיינען מאַסנווייז געשטאָרבן. מאַטיע לייב איז אַרומגעגאַנ־גען מיט זיין וועגעלע און פון שטובן אַרויסגעשלעפּט די טויטע. אין דער צייט פון אַ האַלב יאָר געטאָ־לעבן איז פאַר נויט, הונגער און טיפוס אומגע־קומען אַרום 1500 מענשן . . .

דאָס לעבן האָט פאַרלוירן איעדן פונק פון האָפנונג , איעדן ווערט. עס איז געוואָרן אומדערטרעגליך, קיינער האָט שוין נישט געוואַרט אויף נסים, ווייל דער עולם האָט זיך שוין בלוטיק איבערצייגט אַז זייער גורל איז גע'־התמ'עט . . . איעדן טאָג האָט מען געוואַרט אויף אַ ענדע, וועלכע וועט איינ־מאָל פאַר אַלעמאָל אויס לייזן פון אַלע יסורים . . . אין אַזאַ צושטאַנד האָבן די יידן איבערגעלעבט סוף פעברואר 1943, נאָך אַ טראַגעדיע. פּלוצים איז פאַר־געקומען אַ „אויסזידלונגס" אַקציע אין לאַגער אַריין אויף דעם יאַנאָווער לאַ־גער אין לעמבערג. פון לעמבערג זיינען דאַמאָלס געקומען די געסטאַפּאָ מיט ראָקיטאַ און לייבמייער בראש, צוזאַמען מיט יידישע מיליציאַנטן. זיי האָבן פאַר־לאַנגט פונ'ם יידנראַט 500 אַרבעטער קיין לעמבערג. די יידן האָבן פאַרשטאַנען אין וואָס פאַר אַ „אַרבעט" עס גייט... מ'האָט זיך ווידער אויסבאַהאַלטן. די געסטאַפּאָ האָט אָבער גוט געקענט איר אַרבעט, און האָט אָנגעהויבן אַ געיעג איבערן געטאָ. מ'האָט געזוכט אויף די בוידעמס, אין די קעלערס און אין פאַר־שידענע באַהעלטענישן. דערביי האָט מען צום רעשט אויסגערויבט די פאַרלאָז־טע וואוינונגען. די געסטאַפּאָ האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ פּאַרטיי פון 500 מענער, וועלכע זיי האָבן דערווייל צוזאַמענגעפירט אין די פוילישע שולע און פון דאַנען זיי אַוועקגעפירט קיין לעמבערג אין יאַנאָווער לאַגער אַריין. דאַמאָלס האָט מען פארנומען וואָלף בראָך מיט זיינע דריי זין, שמחה צימערמאַן, איציע וואורצל מיטן זון, יוסף ריטנער, אברהם זינגער, דוד ראָזענבאַך און פיל אַנדערע יאַווערעווער, מאשציסקער, קראַקאָוויצער און ווישניער יידן אין געטאָ זיינען געבליבן אַלטע, קראַנקע, פרויען און קינדער.

אין חודש נאָוועמבער 1942, נאָך דער „בעלזשעצער אַקציע", אין דער צייט ווען מ'האָט געשאַפן דאָס געטאָ, איז קיין יאַווערעווו געקומען אַ ס.ס.־

מאַן, אַ סלאָוואַק מיט'ן נאָמען קאַרל האָפמאַן, בכדי דאָ צו גרינדן אַ מיליי־טערישן וואַלד־אַמט. אָנפאַנגס האָט מען צו דער אינסטיטוציע אָנגענומען 6 יידן. ווען מ'האָט דעם אַמט פאַרגרעסערט האָט מען צו דער ארבעט צוגע־נומען מער יידישע אַרבעטער. איעדער ייד, וועלכער האָט דאָ געאַרבעט האָט פונ'ם וואַלד־אַמט באַקומען אַ ספּעציעלע לעגיטימאַציע, און אים האָט מען נישט געטאָרט נעמען צו אנדערע אַרבעטן און נישט אַרויספירן. דעם 15טן נאָוועמבער, אַ וואָך נאָכ'ן שאַפן פונ'ם געטאָ, האָט מען אין אַ אַנדערער געגנד פון שטאָט געשאַפן אַ באַזונדערן בלאָק פאַר די אַרבעטער פונ'ם וואַלד־אַמט. אַ חוץ דער לעגיטימאַציע האָט יעדער אַרבעטער פון דעם אַמט באַקומען אַ צייכן מיט אַ בוכשטאַב וו. W ווערמאַכט), וועלכע ער האָט געטראָגן אָנ־געניית אויף דער לינקער ברוסט. די צאָל וו־אַרבעטער איז דערגאַנגען ביז 60. דער בלאָק איז געשאַפן געוואָרן אין דער שעפּטיצקי גאַס און האָט אַרומגע־נומען די הייזער פון שמואל ראָזענבאַך, משה בולק, וואָלף סערבער, אנשל דרוק, ב. שטראָסבערג, דוד פייער, שמעון גרינשטיין, פּסח נאָדעל, יונה גרינ־שטיין און מענדל ליפמאַן. די אַרבעטער, וועלכע האָבן דאָ געוואוינט זענען געוועזן פאַרנומען ביי וואַלד־אַרבעט, קאַנאַליזאַציע, אַ חוץ דעם האָבן זיי גע־פירט אין בלאָק פאַרשידענע אַרבעטס־וואַרשטאַטן ווי שניידעריי, קירשנעריי, שוסטעריי און איינבינדעריי. ס'זיינען געוועזן צווישן זיי אויך אַ פּאָר שאָפערן. אין הויז פון שמואל ראָזענבאַך איז געוועזן אַ באַזונדערע קאָמענדאַנטור פאַר דער בלאָק־מיליץ מיט'ן קאָמענדאַנט יעקב קליין בראש. קאָמענדאַנט פונ'ם בלאָק איז געוואָרן בוזיע האַן. די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן 7 אַ זייגער אין דער פרי און האָט געדויערט ביז 6 אָוונט מיט אַ פרייע מיטאָג־שעה. די אַרבעטער האָבן דאָ באַקומען 30 דעקא ברויט אַ טאָג, — אַ חוץ דעם 10 דעקאַ מאַרמעלאַד, 2 דעקא טיי, 7 קילאָ קאַרטאָפל, 10 דעקא פעטן און 28 זלאָטעס אַ וואָך. איעדער וו־אַרבעטער האָט געהאַט דאָס רעכט צו האַלטן אין בלאָק זיין משפחה. אין פאַרגלייך מיטמיטן געטאָ איז דאָ געוועזן אַ גן־עדן, און די רייכע יידן האָבן פאַר אַ יעדן פרייז געשטרעבט צו באַקומען אַ וו־צייכן. מיטן האַנדל פון „וו"־צייכנס האָט זיך פאַרנומען בוזיע האַן. יענעם 1943 איז נאָך קאַרל האָפמאַן, געוואָרן לייטער פונ'ם וואַלד־אַמט אַ בערלינער דייטש, וואַלטער גינטער. מיט זיין הסכמה האָט בוזיע האַן פאַרקויפט די „וו"־צייכנס. דעם זעלבן צייכן פלעגט ער פאַרקויפן איינעם, דאַן ביי אים אָפּנעמען, פאַר־קויפן אַ צווייטן, און באַלד ווידער אַ דריטן. גינטער'ן איז דער אויפטו פון בוזי האַן שטאַרק געפעלן, און וועלנדיק וואָס מער געלד אויסצאַפּן האָט ער כסדר פאַרגרעסערט די צאָל בלאָק אַרבעטער. אָבער אַזוי ווי ער האָט נאָר געהאַט דאָס רעכט אויף 60 „וו"־צייכנס, זיינען 24 יידן געוועזן אין בלאָק אָן אַ באַרעכטיגונג און געבליבן ווי אויפ'ן וואַסער, ווייל נישט געקוקט דאַרויף וואָס זיי האָבן באַצאָלט שווער געלד, האָבן זיי קיין צייכן נישט געהאַט.

אין בלאָק איז די יידן געווען אַן אַ פאַרגלייך בעסער ווי אין געטאָ. איבערדעם פלעגן זיך די געטאָ־איינוואוינער, נישט געקוקט אויף דער געפאַר, זיך אַרויס׳גנב׳ענען אין בלאָק אַריין, דאָרט עפּעס צו באַקומען, אָדער אויך פון בלאָק אין געטאָ אַריין. אַזוי האָט מען אַמאָל געכאַפּט אין געטאָ לייב קאַ־מערמאַן מיט אַ „וו"־צייכן, וועלכער איז געקומען אַהער פון׳ם בלאָק. מ׳האָט אים באַלד פאַרנומען אויף דער אוקראַיינישער פּאָליציי. איין פּאָליציאַנט, אַ געוועזענער דייטשער שפּיאָן, מיט׳ן נאָמען זשילאַ, האָט אים צוגעבונדן צו אַ פּאָר פערד, וועלכע האָבן אים, לויפנדיק, נאָכגעשלעפּט, און אַזוי אַרום געהרגעט.

ווען מ׳האָט בשעת דער אַקציע אין „יאַנעוווער" לאַגער אַריין, פאַרנומען יידן פון געטאָ, האָט מען פון׳ם בלאָק קיינעם נישט גערירט.

דאָס לעבן אין געטאָ, ווי אויך אין׳ם בלאָק, האָט זיך געשלעפּט אַן א אויסזיכט אויף אַ בעסערן מאָרגן. מ׳האָט געלעבט, ווי אין אַ זומפּ, פון וועלכן ס׳איז אוממעגליך זיך אַרויסצובאַקומען. די פאַראָרבנקייט, וועלכע ס׳האָבן אונטער דעם דייטשן סיסטעם אין זיך אַריינגעזאַפּט געוויסע יחידים, האָט געמאַכט שרעקלעכע פאַרטשריטן . . .

צווישן די יידן, און בפרט צווישן דער יוגנד האָבן זיך אָבער אויך געפינען אַזעלכע, וועלכע האָבן נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן דעם סיסטעם, און דעם לעבן, וואָס האָט געהערשט אין געטאָ. זיי האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון געטאָ אין וואַלד אַריין, און אפילו מיט געווער אין האַנד צו זוכן דאָס רעכט צום לעבן. אַזוי איז אַנהויב אַפּריל 1943 אַרויסגעגאַנגען פון געטאָ 40 מאַן, וועלכע האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ פּאַרטיזאַנער גרופּע. זיי זיינען געווען פון לובאַטשוב און אַנטלאָפן זיינען זיי אין דער ריכטונג פון די לובאַטשובער וועלדער. די גרופּע איז געווען גוט באַוואָפנט און האָט געהאַט גרויסע געלד מיטלען. נאָך זייענדיק אין געטאָ, האָבן זיי אָנגעקויפט געווער, ווי אויך דייטשע מונדורן ביי אוקראַאינישע מיליציאַנערן. אַ גרויסע צאָל געווער האָבן זיי גע־קויפט ביים וועכטער פון׳ם מאַגאַזין אין וואולקאַ ראַסנאָוווסקאַ. דאָרט האָבן זיי ביי אַ פּויער געקויפט אַ פּאָר פערד מיט אַ וואָגן. אין אַ געוויסן טאָג האָבן אַ פּאָר פון דער גרופּע פאַרנומען דעם וואָגן און אַוועק אין וואַלד אַריין. פון דער פּאַרטיזאַנער־גרופּע איז יעדער געבליבן נאָר איינער, פּאָרסט פון סאָנדאַוווע ווישניע.

אַזוי האָט עס אויסגעזען אין דער „יידנשטאָט". מענשן האָבן ווייטער געאַרבעט און ווייטער געשטאָרבן פון הונגער און טיפוס. דער יידנראַט און די אָ. ד. האָבן ווי געוויינליך געדענקט אַן זיך. בוזיע האַן האָט געמאָלן בילדער פאַר זיין שעף, פאַר דעם „יודענפרוינד" גינטער און איז מיט אים אַרומגעפאָרן אויסגראָבן יידיש געלד און חפצים, וועלכע יידן האָבן באַהאַלטן, און וועגן וועלכע בוזיע האַן האָט גוט געוואוסט . . .

אַזוי ווי פסח איז געווען נאָענט, האָבן יידן מיט אַלע מיטלען געשטרעבט אָנצוגרייטן מצות לכבוד יום־טוב, וועלכער וועט אפשר זיין דער לעצטער... אַזוי האָבן זיי זיך דערוואַרט דעם 16 אַפּריל, 1943.

---

## קאַפּיטל 6.

אין דער מיט חודש אַפּריל האָט דער לייטער פון'ם וואַלד־אַמט וואַלטער גינטער פאַרזאַמלט זיינע אַרבעטער, בכדי אַדורכצופירן אַ קאָנטראָל פון די „וו"־צייכנס. ווער ס'האָט נישט געהאַט קיין „וו"־צייכן האָט געמוזט בלייבן אין וואַלד־אַמט, די איבריקע 60 האָט ער אָבגעשיקט אין בלאָק אַריין. מ'האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז ס'וועט עפּעס פּאַסירן. ווער ס'האָט געהאַט אַ מעג־לעכקייט האָט געבראַכט זיינע נאָענטע און באַקאַנטע אין בלאָק אַריין. און זיי דאָרט אויסבאַהאַלטן אויפ'ן אַלטן שטייגער.

פרייטיק, דעם 16 אַפּריל 1943, 5 אַזייגער אין דער פרי, האָט אַ גרופּע ס.ס.־לייט בליצשנעל אַרומגערינגעלט דעם בלאָק און צוגעטרעטן ווי צו אַ שטורם. די אַלע, וועלכע האָבן געהאַט אַ „וו" האָט מען באַפוילן זיך אויס־צושטעלן אין אַ רייהע. גלייכצייטיק האָבן די ס.ס. מיט גראַנאַטן אויפגעריסן אַלע באַהעלטענישן און בונקערס אויפ'ן געביט פון'ם בלאָק. ווען זיי האָבן געטראָפן אָן אַ „וו"־צייכן האָבן זיי אויפ'ן אָרט געשאָסן. די ערשטע איז אויף אַזאַ אופן געפאַלן אברהם אייס טאָכטער מיט אַ קינד. די צווייטע ס.ס.־לייט האָבן אויפגעריסן די באַהעלטענישן פון די פאַמיליעס הענער, שער, לאַנדעס און פיל אַנדערע, וועלכע האָבן געהאַט זייערע נעסטן אין בלאָק. די ס.ס.־לייט האָבן פאַרלאַנגט פון די אַרבעטער מיט די „וו"־צייכנס, זיי זאָלן העלפן אויסכאַפּן די יידן פון די באַהעלטענישן, אָבער קיינער פון זיי האָט זיך פון דער רייהע נישט גערירט. אַלע, וועלכע מ'האָט צוזאַמענגענומען פון די באַהעלטענישן, אָן „וו"־צייכנס האָט מען אָפּגעפירט אויפ'ן זאַמל־פּלאַץ אויפ'ן אַלטן בית־עולם אַנטקעגן דער גרויסער שול. די 60 מאַן מיט דער „וו" האָט מען שפּעטער אויך אַהין אַוועקגעפירט. אין דער גאַנצער שטאָט איז געווען אַ אויסנאַם־צושטאַנד, ווי בשעת אַ באַלאַגערונג. אַלע וועגן זיינען געווען אַרומגעשטעלט מיט באַוואָפנטע דייטשע פּאָליציי. אין מאַרק זיינען געשטאַנען געדעקטע לאַסט־אויטאָס, וועלכע זיינען געווען באַדינט פון וולאַסאָוצעס אין שוואַרצע מונדירן.

אין דער זעלבער צייט האָט אַן אַנדערע אָבטיילונג פון ס.ס. מיט הילף פון יידישער מיליץ פון לעמבערג, אַרומגערינגעלט דאָס געטאָ. נאָך אַ סיגנאַל זיינען זיי אַריין אין געטאָ און אָנגעהויבן אַרויסטרייבן די יידן פון די וואוי־נונגען, אויפרייסן מיט גראַנאַטן די בונקערס, באַהעלטענישן און קעלערס. אַלע האָט מען קאָנצענטרירט אויף דעם אַלטן בית־עולם אַנטקעגן דער שול. די יידן זיינען אַרויסגעגאַנגען פון זייערע לעכער אויסגעמאַטערטע, אויסגע־דאַרטע, אָבגעריסענע, בלאַסע, טויט־דערשראָקענע, מיט זייערע אָרעמע טלו־מעקלאַך מיט טיילן פון אָנגעטועכץ, וועלכע זיי האָבן אין לעצטן מאָמענט מיט זיך מיטגעכאַפּט. ווער ס'האָט נישט געקאָנט גיין, אָדער ווער ס'האָט געפּראוווט צו אַנטלויפן — איז געשאָסן געוואָרן אויפ'ן אָרט. מ'האָט אַרויסגעפירט אויפן זאַמלפונקט אַלע יידן, וועלכע זיינען נאָך געוועזן אין געטאָ. אָט זעט מען פירן דעם לערער אייזנשטיין מיט אַ צעקלאַפּטן קאָפּ, נאָך אים זיין פרוי און שוועסטער. דאָרט פירט מען מוניע גילס, דאָרט פנחס דייטשער . . . אַלע ברענגט מען אויפן זאַמל־פּלאַץ. דאַן האָט מען אָנגעהויבן די סעלעקציע. די יעניקע, וועלכע זיינען נאָך געוועזן פעאיק צו אַרבעט — האָט מען געשטעלט אויף דער רעכטער זייט, אויף דעם בית־עולם. פרויען און קינדער האָט מען אריינגעפירט אין בית־המדרש אריין און אין קלויז: זיי האָט מען היינט געזאָלט אומברענגען. מ'האָט אויך באַלד געבראַכט די 24 אומגליקלעכע, וועלכע גינטער האָט געזאָלט באַהאַלטן ביי זיך, ווייל זיי האָבן אים באַצאָלט און קיין „וו" נישט באַקומען. פאַרשטייט זיך, אַז גינטער האָט זיי אַליין אַרויסגעגעבן צום טויט. מ'האָט זיי אויך אַריינגעפירט אין בית־המדרש אַריין . . .

אויפן פּלאַץ פון אַלטן בית־עולם, אַנטקעגן די פאַרזאַמלטע יידן — האָבן די דייטשן געשטעלט 2 טישן. ביי איינעם האָבן די ס.ס. אין 2 אָפענע קאַסטענס געזאַמלט אַלע יידישע חפצים און זאַכן פון פערזענליכן געברויך, וועלכע יידן האָבן געהאַט ביי זיך. די יידן האָבן דאָ אָבגעגעבן זייער לעצטן שטייער: זייגערלעך, בייטעלעך, רינגלעך, ברילן . . . ביי דעם צווייטן טיש האָט מען געפּראוווט די אַרבעטס־פעאיקייט פון די אומגליקלעכע, אָדער מ'האָט זיי פאַר־אורטיילט צום טויט. די יידן פונ'ם פּלאַץ האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגע רייהע און אַזוי איינציקווייז דעפילירט פאַר די טישן. איעדן האָט מען רעווי־דירט. יונגע געסטאַפּאָווצעס האָבן געהאַלטן „אָרדנונג", שלאָגנדיק אָן רחמנות מיט נאַהייקעס, פאַרענדיקטע מיט אייזערנע קוילן . . . .

ביז מיטאָג האָט מען אַלץ צוגעבראַכט אויפן זאַמל־פּלאַץ נייע קרבנות. די סעלעקציע האָט מען גיך פאַרענדיקט. פון דעם בית־המדרש און פון דער קלויז האָבן זיך געטראָגן יאָמערליכע געשרייען און געוויינען פון פרויען און קינדער, וואָס ס'האָט אַזוי צערודערט און אויפגערעגט די געסטאַפּאָווצעס, אַז זיי זיינען אַריין אין דעם בית־המדרש און מיט שיסן געשטילט די פאַר־זאַמלטע. . .

אויפן פּלאַץ איז געווען שטיל. איעדע ווילע האָט מען צוגעבראַכט נייע קרבנות, וועלכע מ'האָט ערגעץ וואו געפונען. יעדע גרופּע איז געווען שטאַרק באַוואַכט. ווער ס'האָט זיך גערירט פון אָרט איז געשאָסן געוואָרן.

3 אַזייגער נאָך מיטאָג. אַ שיינער אַפּריל טאָג. דער ערשטער אמת'ער זוניקער פרילינגס־טאָג. אויפן זאַמל־פּלאַץ קומען אָן פונ'ם מאַרק געדעקטע אויטאָס. געסטאַפּאָ פירט אַרויס פרויען און קינדער. פון בית המדרש קומען אַרויס שיינע יונגע מיידלעך: געניע שטיינבאַך, די יונגע צימערמאַן, די ברומער פון שקלאָ, סאַבינאַ מאַנבער, נוסיע פוס . . . עס גייען גרופּעס פרויען, בלאַסע מיט צעלאָזטע האָר . . . פון פאַרשידענע גרופּעס אויפן בית־עולם געזעגנט מען זיי אָן ווערטער מיט טרערן אין די ברענענדיקע אויגן . . . די מיידלעך געזעגנען זיך מיט די וועלכע בלייבן אויפן פּלאַץ. אייניקע וויינען, אַנדערע רופן צו נקמה, אָדער בעטן זייערע נאָענטע מ'זאָל געדענקען אָן זיי . . . אָבער די אויטאָס וואַרטן נישט. די וולאַסאָוועצעס לאָדן גיך די פרויען, צו 50 אויף איין וואָגן. די מענער פון די גרופּעס, וועלכע זיצן אויפן בית־עולם, זעען ווי מען זעצט אַרויף אויף די אויטאָס די פרויען הענער, פאַולע לאַנדעס, די גילס מיטן קינד, די זינגער, די אייזנשטיין . . . איין אויטאָ פאָרט אָב, מען לאָדנט גיך אַ צווייטן. פון דעם בית־המדרש און פון דעם קלויז פירט מען אָן אויפהער . . . פרויען גייען, גייען, דאַכט זיך, אָן אויפהער. . . .

אין דער זעלבער צייט, ווען מ'האָט אַוועקגעפירט די פרויען, האָבן די ס. ס. אונטערגעצונדן דאָס געטאָ, די הילצערנע הייזלעך שטייען באַלד אין פלאַמען: אַזוי אַרום ווילן די ס.ס.־לייט אַרויסבאַקומען די נאָך באַהאַלטענע יידן פון זייערע באַהעלטענישן און לעכער. די אומגליקלעכע קריכן אַרויס פון פאַר־שידענע ערטער. די געסטאַפּאָ לאָזט זיי ווייט נישט גיין און שיסט צו זיי. די קרבנות פאַלן אין פייער אַריין. זיי ווילן אַנטלויפן . . . די ברענענדיקע לויפן אַרום ווי לעבעדיקע פייערן, אָבער די ס. ס. טרייבן זיי צוריק אין פייער אַריין. אַזוי איז פאַרברענט געוואָרן מאַלציע קאַהאַנע. אויף אַזאַ אופן האָבן געפונען דעם טויט חיים שטריך, מיט זיין פרוי איטע, מיט די קינדער ישראל, עציע און רוכציע ווי אויך פיל אַנדערע יידן.

גלייכצייטיק האָבן זיך אויפן זאַמל־פּלאַץ אָבגעשפּילט שוידערלעכע סצענעס. פון די גרופּעס, וועלכע זיינען געווען אויסגעוויילט צום טויט האָבן אַ טייל קינדער, ווי אויך אַלטע געפּראַווועט אומבאַמערקט אַריבערקריכען צו דער גרופּע מיט די „וו" צייכנס, וועלכע איז געזעסן נישט ווייט. דעם קליינעם מאָניע מאַנבער ווי אויך מ. הענער איז עס געלונגען; זיי האָבן באַקומען פון זייערע עלטערע ברידער „וו"־צייכנס. אַנדערע פּראַווון אויך, אָבער ווי נאָר די ס.ס. האָבן דאָס באַמערקט, האָבן זיי אַ פּאָר מאָל צעקאַטעוועט אויף טויט. לייזער זיס האָט געפּראַווועט פון זיין גרופּע אַריבערצוגיין צו די, וועלכע

זיינען געווען אויסגעווײלט פאַרן יאַנאָווער לאַגער. ער איז צוגעגאַנגען צום טיש, וואו ער האָט אָבגעגעבן אַלעס, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך, דאַן האָט ער געוואָלט צוגיין צו אַ צווייטער גרופּע. אַ ס.ס.־מאַן האָט באַמערקט דעם אויפטו און מיט מערדערישע שלעג צוריקגעטריבן לייזער זיס צו זיין גרופּע. אַזוי איז אויך געשען מיטן קליינעם סיוניע הענער.

די וולאַסאָווצעס מיט די ס.ס. האָבן ניט גערוט. אַן אויפהער האָבן זיי געשלאָגן און געלאָדן אויף די אויטאָס. נאָך די פּרויען האָט מען אָנגעהויבן פאַרנעמען די אַלטע און קראַנקע מענער. איין יידישער מיליציאַנער, לוי האַלצמאַן, האָט געוואָלט אַנטלויפן פון׳ם אויטאָ. אַ ס.ס.־מאַן, וועלכער האָט האָט דאָס באַמערקט האָט אים צעהאַקט דעם קאָפּ, אויסגעשלאָגן אַן אויג, און אָפּגעפירט צום טויט. די אויטאָס האָבן קורסירט שנעל. אַהין און צוריק, אַהין און צוריק און עס זיינען געבליבן נאָר 2 גרופּעס: איין גרופּע פון 160 מאַן, וועלכע מ׳האָט געזאָלט אַוועקפירן אין לאַגער אַריין אויפן יאַנאָווער אין לעמבערג, און די צווייטע גרופּע פון 60 מאַן מיטן "וו"־צייכן.

די אַלע קרבנות, וועלכע מ׳האָט אויסגעקליבן צום טויט האָט מען מיט אויטאָס אַוועקגעפירט אין פאָרודער וואַלד אַריין. דעם טאָג האָט מען פון יאַווערעווער געטאָ אַוועקגעפירט צום טויט אַרום 4000 יידן. אין דער פרי, איידער מ׳האָט אָנגעהויבן די „אַקציע", האָט די געסטאַפּאָ גענומען פון׳ם געטאָ 40 מאַן און זיי געשיקט אין וואַלד אַריין אויסצוגראָבן מאַסן־קברים . . .

נאָכדעם ווי די ס.ס. האָט שוין אַלע יידן פון פּלאַץ אַוועקגעשיקט, האָבן זיי זיך גענומען צום קאָנטראָלירן די „וו"־צייכנס גענוי אַדורכגעקוקט די לייוונט, די אויסגענייטע „וו"־צייכנס, ווי אויך די „אויסווייזן", די לעגיטי־מאַציעס. ס׳האָט זיך ביי דער קאָנטראָלע אַרויסגעוויזן, אַז דער 15 יעריקער אַרבעטער מיטן נאָמען בעקער, וועלכער האָט געהאַט אַ גוטע לעגיטימאַציע, האָט אָבער געהאַט אַ „וו", אַ געצייכנטע, נישט קיין גענייטע. ער האָט אַמאָל זיין „כשר׳ן" צייכן פאַרלוירן און זיך אַליין געמאַכט אַן אַנדערן. איינער פון די קאָנטראָלערן, אַן איינהאַנטיקער ס.ס.־מאַן, האָט בעקערן געוואָרפן צו דער ערד און אים אַזוי שרעקלעך געשלאָגן, אַז ווען מ׳האָט אים אויפגעהויבן, איז ער שוין ניט ענלעך געווען צו א מענש: דאָס פּנים צעקנעטן, צעבלוטיקט, אויסגעשטאָכענע אויגן. ער האָט געבעטן, מ׳זאָל אים שענקען דאָס לעבן. ס׳האָט נישט געהאָלפן. דער ס.ס.־מאַן האָט אים לאַנג געשלאָגן, ביז ער האָט אים געהרגעט. דאַן איז געקומען די רייע אויף ברוך דרוק. אים האָבן, מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק, אין דער היים אין בלאָק, באַפאַלן באַנדיטן, אים מערדע־ריש צעשלאָגן און אַלעס צוגערויבט. מ׳האָט אים דאַמאָלס אויך צוגענומען דעם מאַנטל, אויף וועלכן ס׳איז געווען צוגענייט דער „וו"־צייכן. גינטער האָט אין יענער צייט אים געגעבן אַן אַנדערן „וו" מיט זיינעם אַ סטעמפּעל. נישט געקוקט דערויף, וואָס גינטער האָט די גאַנצע זאַך אויפן אָרט אויפגע־

קלערט האָט מען ברוך דרוק אַוועקגעשיקט אין יאַנאָווער לאַגער אַריין, וואו ער איז צוזאַמען מיט אַנדערע אומגעקומען.

אין דער זעלבער צייט איז אין דעם פאַרודנער וואַלד פאָרגעקומען די מאַסן עקזעקוציע. פון די אויטאָס, וועלכע זיינען אָן אויפהער אָנגעקומען פון שטאָט, האָט מען אָבגעלאָדן די קרבנות און זיי געצוואונגען מיט שלאָגן זיי זאָלן זיך גיך אויסטאָן ביז נאַקעט. דאַן האָט מען זיי געטריבן אויף אַ ברעט, וואס איז געלעגן אויף דעם קבר, און מיט אויטאָמאַטן געשאָסן צו 10 מיט אַ מאָל. די געשאָסענע, ווי אויך אָפטמאָל נאָר פאַרוואונדעטע, זיינען אַריינגעפאַלן אין גרוב אַריין, וואו דריי יידן האָבן אויסגעלייגט די מתים. ווען איין רייע איז געווען פול האָט מען זיי צוגעשיט מיט ערד, און אויף זיי געשאסן אַנדערע. די נאַקעטע קרבנות, אַרויפגייענדיק אויפן ברעט, האָבן געזאָגט ווידוי, געוויינט און זיך געזעגנט מיט די געבליבענע . . . ווען די עקזעקוציע האָט זיך געענדיקט האָבן די ס.ס.־לייט געוואָרפן אין די קברים אַריין גראַנאַטן בכדי די מתים וואָס בעסער אָנצושטאָפּן אין די גרובער . . . אַזעלכע מאַסן־קברים איז געווען 4, פון צוויי אַ האַלבע מעטער טיף, אַכט מעטער די לענג אונפיר מעטער די ברייט. די קברים זייענן געווען אַזוי פאַרפולט, אַז נאָך דעם, ווי מ'האָט זיי צוגעשיט מיט ערד, האָט דאָס בלוט אָן אויפהער זיך אַרויסבאַקומען. אַ גאַנצע וואָך האָט מען די קברים צוגעשיט, אָבער דאָס בלוט האָט מען נישט געקאָנט שטילן. די דייטשע פּאָליציי האָט שפּעטער געכאַפּט אין שטאָט פּאָליאַקן און אוקראַינער און זיי געשיקט אין וואַלד אַריין פאַרשיטן די גרובער, בכדי איינמאָל פאַר אַלעמאָל דאָס בלוט צוצודעקן. מ'האָט אויך געשיקט צו דער אַרבעט אַ בריגאַדע פון דייטשן „בוידינסט", וועלכע מ'האָט געגעבן 50 ליטער בראָנפן זיי זאָלן אומבאַדינגט די מאַסן־קברים גוט צודעקן. נאָכ'ן פאַרגיסן די קברים מיט קאַלך איז זיי ערשט געלונגען דאָס בלוט צוצודעקן.

דעם זעלבן טאָג, פאַרנאַכט האָט מען אויפגעלאָדן אויף די אויטאָס די 160 יידן וועלכע מ'האָט געזאָלט אַוועקשיקן קיין לעמבערג אין לאַגער אַריין אויף דעם יאַנאָווער. צוזאַמען מיט זיי האָט מען אויפגעלאָדן די קליידער און אַלע זאַכן פון די דערמאָרדעטע, וועלכע מ'האָט אַהער צוגעפירט פונ'ם פאַרודנער וואַלד . . .

אויפן פּלאַץ פונ'ם אַלטן בית־עולם אַנטקעגן דער פאַרברענטער שול זיינען נאָר געבליבן די 58 מענשן מיט די „ווו"־צייכנס. איין ס.ס.־מאַן, דער לייטער פון דער „אַקציע" האָט זיך צו זיי געווענדעט מיט אַ קורצער רעדע. ער האָט זיי פאַרשטענדיקט, אַז זיי גייען צוריק אין בלאָק אַריין, און זיי געוואָרנט, אַז אויב ס'וועט נאָר איינער פּראָווון צו אַנטלויפן, „זאָ ווירד די גאַנצע געזעלשאַפט אויפגעלעזט . . ."

## קאַפּיטל 7.

דער בלאָק איז דורך די דייטשן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לאַגער. נאָכ'ן צוריקקומען אַהער פון די 58 מאַן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נישט אַלע באַהעלטענישן זיינען אין געטאָ אויפגעדעקט און געפונען געוואָרן. דעם צווייטן טאָג נאָך דער אַקציע האָבן די דייטשן געהייסן אויפגראָבן די פאַרשיטע, אָבער נישט אויפגעדעקטע, בונקערס. מ'האָט געפונען פיל טויטע, צעדרוקטע פון בעלקעס און שטיינער, ווי אויך שווער פאַרוואונדעטע. פון איין באַהעלטעניש איז אַרויסגעקומען אַ גרופּע, נישט יאַווערעווער יידן, מיט אַ ספר־תורה. אַזוי זיינען אַ גאַנצן טאָג אַרויסגעקומען פון פאַרשידענע לעבער לעבן־געבליבענע יידן. פון דעם בונקער ביי די אַדלערס איז אַרויסגעקומען 80 לעבעדיקע יידן.

די דייטשן האָבן צונויפגענומען אַרום 200 יידן אין שול אַריין, דאַן האָבן זיי געשאָפן פאַר זיי אַ נייעם געטאָ, און זיי איבערגעגעבן איין הויז. מ'האָט זיי געגעבן ברויט, און מ'האָט אפילו אָרגאַניזירט אַ נייעם יידנראַט מיט איציע טוך בראש. די „אידיללע" האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. נאָך אַ פּאָר טעג האָט דער יאַווערעווער הענקער וואָלף אַלע אַרויסגעפירט אין וואַלד אַריין און זיי אַלע אויסגעשאָסן נישט ווייט פון די 4 מאַסן־קברים.

די „וו" אַרבעטער האָבן געפּראַוווט ווידער אָנהויבן לעבן אויפן פריער'דיקן שטייגער. באַלד דעם צווייטן טאָג זיינען זיי אַרויס צו זייערע געוויינלעכע אַרבעטן אַ חוץ די אַרבעטער האָבן זיך אין געוועזענעם בלאָק אָנגעזאַמלט מער יידן, וועלכע זיינען אַרויס פון די באַהעלטענישן אינ'ם בלאָק, ווי דער יונגער ט. אַדלער, איציע מאַנבער (פון לעמבערג) מיט דער פרוי און זון, די גאַנצע משפחה כאַראַק, דער ד"ר כץ (פון מאָשציסק) מיט דער פרוי און פיל אַנדערע. העלע אַדלער האָבן באַקאַנטע אוקראַינישע מיידלעך באַהאַלטן נאָך פאַר דער „אַקציע".

די געגנזייטיקע פאַרהעלטנישן צווישן די אַרבעטער האָבן זיך שטאַרק געענדערט און פאַרבעסערט, ווייל די יידישע מיליציאַנטן האָבן איצט אינ־גאַנצען פאַרלוירן זייער איינפלוס און וויכטיקייט. בפרט דוד באַדיאַן און בוזיע האָבן אויפגעהערט שפּילן זייער ראָל.

לויט דעם צוזאָג פון די דייטשן האָט דער „וו"־לאַגער געזאָלט נאָך דויערן 3 חדשים, אָבער שוין נאָך 12 טעג האָט מען זיך דערוואוסט אַז דער לאַגער דאַרף ליקווידירט ווערן, און די „יודענשטאַט" דאַרף ווערן „יודענפריי".

ווען די יידן פונ'ם בלאָק האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם גורל פון דער לעצטער גרופּע וועלכע וואָלף האָט אויסגעשאָסן, איז דאָרט אַנטשטאַנען אַזאַ

פּאַניק, אַז כּאַראַק מיט זיין פרוי און קינדער, די פרוי קירשבוים און אַנדערע, זיינען אַרויס פונ׳ם בלאָק און געוואָלט אַנטלויפן ווי די אויגן וועלן זיי טראָגן. די שטעטישע אוקראַינער האָבן זיי אָבער באַלד איינגעהאַלטן און איבערגעגעבן וואָלפּ׳ן אין די הענט אַריין וועלכער האָט זיי אַרויסגעפירט אין וואַלד אַריין און דאָרט דערשאָסן. וואָלף אַליין האָט שפּעטער דערציילט, אַז ווען ס׳איז געקומען די רייע צו שיסן פּעפּקע כּאַראַק, אַ מיידל פון אומגעוויינלעכער שיינקייט און כּאַראַקטער, האָט זי אָנגעהויבן זינגען יידישע לידער און צו חוזק׳ען פון אים און פון די דייטשן.

פאַר דער פולשטענדיגער ליקווידאַציע פונ׳ם בלאָק איז בוזיע האַן, זיין ברודער אַזיע, באַדיאַן און אַנדערע, אַנטלאָפן קיין סאַמבאָר. דאָרט זיינען אַלע אומגעקומען אַ חוץ דוד באַדיאַן, וועלכער איז נאָכן אַריינקומען פון דער רויטער אַרמיי, צוריקגעקומען קיין יאַווערעוו.

אינ׳ם בלאָק האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן יונגעלייט אין גרופּעס וועלכע האָבן געפּלאַנט צו אַנטלויפן אין וואַלד אַריין. זיי האָבן זיך אָנגעגרייט געווער, פאַר וועלכן מ׳האָט געצאָלט יעדן פּרייז. מיט דער ערשטער גרופּע זיינען אַרויסגעגאַנגען: א. הענער, מ. הענער, איציע צימערמאַן, מ. ווימער. און אַנדערע. אין די וועלדער האָבן זיי זיך קאָנטאַקטירט מיט סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן זיי געגעבן נויטיקע הילף און אָנווייזונגען. אַ פאַר טעג שפּעטער איז פונ׳ם בלאָק אַרויסגעגאַנגען אַ גרעסערע גרופּע, מיט דיאַמאַנט, איציע ווערט, אהרון גרינשטיין און אַנדערע. ס׳איז נישט באַוואוסט וואָס מיט זיי איז געשען, ווייל קיינער פון זיי איז נישט צוריקגעקומען. אין וואַלד אַריין איז אויך אַנטלאָפן יונה בער מיט מענדל רייף פון ווישניע. זיי זיינען אַוועק אָן געווער.

אַ טייל יאַוואָראָווער יוגענד האָט אויך אָנטייל גענומען אין די פּוילישע קאָנספּיראַטיווע אָרגאַניזאַציעס. אין אַזאַ אָרגאַניזאַציע האָט מיטגעאַרבעט אינזש. ישראל מאַנבער. מיט אים האָט זיך פאַראינטערעסירט אַ פּאָליאַק מיטן קאָנספּיראַציע נאָמען זשעגאָטא. אין דער אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ „קייטן" סיסטעם, ד. ה. אַז יעדער האָט געקענט נאָר איינעם אָדער צוויי חברים. מאַנבער האָט געאַרבעט ביים איבערנעמען געהיימע ראַדיאָ מעלדונגען און שיפרן ווי אויך געשריבן געהיימע בלעטלעך, וועלכע זיינען מיט געהיימע וועגן איבערגעגאַנגען פון האַנט־צו־האַנט. דער ראַדיאָ אַפּאַראַט ביי וועלכן מאַנבער האָט געאַרבעט איז געווען אַ קליינער, פאַר קורצע וועלן. ער איז געווען באַהאַלטן אין אַ שיך שאַכטל. די אַנטענע פון קופּערנעם, נישט איזאָ־לירטן דראָט איז געווען איינגעפלאָכטן אין דאַך.

(אַרכיוו פון דער וואַיעוואָדישער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין קראָקע נומער 1005).

עטלעכע יידן, צווישן זיי אויך י. דויערמאַן האָבן זיך באַהאַלטן אויפ׳ן בית־עולם. מ׳האָט זיי אָבער באַלד געפונען און געשאָסן. וואַלטער גינטער, דער לייטער פונ׳ם וואַלד־אַמט, וועלכער האָט אויף אַ ראַפינירטן אופן אויס־גענאָגט פון „זיינע" יידן דאָס לעצטע און דאַן זיי געלאָזט אומברענגען און וועלכער האָט געשפּילט אַ ראָל פון אַ יידישן באַשיצער, האָט געראַטן „זיינע" בלאָק־יידן גוטוויליק צו גיין קיין לעמבערג אין „יאַנעווער" לאַגער אַריין, וואו זיי „וועלן קענען די שלעכטע צייט איבערלעבן". אַסך יידן האָבן זיך געלאָזט אַנריידן און זיינען פונ׳ם יאַווערעווער גהינום אַוועק אין „יאַנאָווער" גהינום אַריין. אַזוי זיינען דאַמאָלס געגאַנגען: יעקב קליין, אברהם אייס מיט׳ן זון, מאַנבער (פון לעמבערג) מיט דער פרוי און זון, לייב גאַרליצער מיט דער פרוי און אַנדערע. די איבריקע, וועלכע האָבן זיך נישט געקאָנט אויסבאַהאַלטן האָבן די דייטשן סוף אַפּריל פאַרנומען אין „יאַנעווער" לאַגער אַריין קיין לעמבערג. צווישן אַנדערע האָט מען דאַמאָלס פאַרנומען מיילעך מאַנבער מיטן יונגסטן זון מאָניע. די פרויען און קינדער האָט וואָלף אויסגעשאָסן אויפ׳ן אָרט. די לעצטע זיינען געשאָסן געוואָרן שרה מאַנבער מיט דער טאָכטער פּיגע, אוי־גאַרטן פון פּשעמישל, אַ פרוי פיין, מינציע פליישער, סימע שטריך און אַנ־דערע. סוף אַפּריל האָבן די דייטשן אונטערגעצונדן און צענומען דעם בלאָק און די ערד פאַראַקערט . . .

לעבן געבליבענע יחידים האָבן זיך אין דער לעצטער מינוט געראַטעוועט אויף פאַרשידענע אופנים. אַ טייל מיידלעך, ווי די גאָרליצער און די גרייף זיינען אַרויס פון יאַווערעוו אויף אַרישע פּאַפּירן. אַנדערע האָבן זיך באַהאַלטן ביי באַקאַנטע פּאָליאַקן און אוקראַינער. די אוקראַינער אָבער האָבן כמעט אַן אויסנאָם די באַהאַלטענע יידן אויסגעגעבן די דייטשן. אַזוי למשל האָט זיך אַ מיידל סאָניע אַפּיסדאָרף באַהאַלטן ביי אַ אוקראַינער קאַלאַמוניעצקי. ער האָט דאָס מיידל אויפגענומען און דאַן געשיקט נאָך דייטשע זשאַנדאַרמען, וועלכע האָבן זי געשאָסן. אַ יידישער פריזירער, דער אייגנטימער פונ׳ם געשעפט „לוואָוויאַנקאַ " האָט זיין גאַנץ פאַרמעגן באַהאַלטן ביי אַ אוקראַינער דושקאָ, און אליין אַוועק אין וואַלד אריין. אין אַ צייט אַרום איז דער הונגעריקער פריזירער געקומען צו זיין „פריינד" דושקאָ נאָך הילף. דער אוקראַינער האָט געשיקט זיין טאָכטער אירענע נאָך דייטשע פּאָליציי, וועלכע האָבן דעם פרי־זירער געשאָסן. אַזוי איז אויך געשען מיט׳ן אַפּטייקער ראָט און מיט זיין פאַמיליע. די משפחה ראָט איז געווען באַהאַלטן ביי אַ פּאָלאַק נישט ווייט פון קראַקאָוויעץ. מורא האָבנדיק פאַר די באַנדעראָווצעס, זיינען די פּאָליאַקן פון יענער געגנט אנטלאָפן קיין מעריב־פּוילן. אַזוי אַרום איז די משפחה ראָט ווי אויך אַנדערע יידן, וועלכע זיינען געווען באַהאַלטן ביי פּאָליאַקן, געבליבן ווי אויפ׳ן וואַסער. ראָט׳ס פרוי מיט דער טאָכטער זיינען געקומען אין שטאָט אַריין און זיך געווענדט נאָך הילף צו איר׳ס אַ באַקאַנטן, אַ אוקראַינער,

אַ לערער פון גימנאזיע, מיטן נאָמען סאַדאָווסקי ביי וועלכן די משפּחה ראַט האָט באַהאַלטן זייער גאַנץ פאַרמעגן. סאַדאָווסקי האָט באַלד געשיקט נאָך פּאָליציי, וועלכע האָט די ראַט מיט דער טאָכטער אַרעסטירט. די טאָכטער האָט זיך אין תפיסה געסמט און די מוטער האָט מען געשאָסן. ווען ראַט האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט האָט ער זיך גענומען דאָס לעבן . . .

די יונגע לאָלע וויוואַק, וועלכע האָט פאַרלוירן איר גאַנצע משפּחה, האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַ לאַנגע צייט ביי אוקראַינער, אָן זייער וויסן. 3 טעג פאַר דער באַפרייאונג פון יאַוואָרעוו דורך דער רויטער אַרמיי איז לאָלע וויוואַק, אַ הונגעריקע געקומען צו אַ אוקראַינקע מאַריאַ מאַקאָוועס, און זי, ווי אַ אַלטע באַקאַנטע געבעטן הילף. די אוקראַינקע האָט צווייסן געגעבן דער פּאָליציי, וועלכע האָט די וויוואַק געשאָסן . . . .

די יאַוואָרעווער פּאָליאַקן דאַגעגן האָבן אין אַ סך פאַלן געהאָלפן די באַקאַנטע יידן, און זיי געשטיצט אין דער שווערער צייט. אַ גוט האַרץ פאַר די אומגליקלעכע האָבן אַרויסגעוויזן: די פאַמיליע פון׳ם פּוילישן אינזש. פאַוור-ליקעוויטש, די פאַמיליע גילעוויטש, די לערערין נעבעלטשוק, דאַנישעווסקי און אַנדערע.

---

יאַוואָרעוו איז געוואָרן „יודענפריי" . . .

דעם 20טן יולי 1944, איז אַריינגעקומען די רויטע אַרמיי. איינצלנע יידן זיינען געקומען פון׳ם וואַלד. אַסך פון די וועלכע זיינען אַוועק אין די וועלדער זיינען דאָרט אומגעקומען פון די הענד פון אוקראַינער און וולאַסאָווצעס, וועלכע האָבן כסדר „געריייניגט" די דאָרטיקע וועלדער.

די סאָוויעטישע מאַכט האָט אין יאַוואָרעוו אָרגאַניזירט אַ קאָמיסיע צום אויספאָרשן די דייטשע פאַרברעכנס אויפ׳ן געביט פון דער „יודענשטאַאַט". אין דער קאָמיסיע זיינען אויך אַריין הענער, און דער אוקראַאינישער דאָקטאָר קושניר. די קאָמיסיע האָט אויסגעהערט עדות, געעפנט די מאַסן־קברים, אויפ־געצייכנט אַ סיטואַציע פּלאַן און אָנגעשריבן אַ פּראָטאָקאָל. . .

די לעצטע צוויי צענדליק לעבן געבליבענע יאַוואָרעווער יידן, וועלכע זיינען על פּי נס ניצול געוואָרן פון׳ם דייטשן גהינום, האָבן אויף די מאַסן קברים געשטעלט אַ באַשיידענע מצבה און פאַרלאָזט די שטאָדט, אַנהויבנדיק אַ נייַ וואָנדערן איבער דער וועלט.

---



אַ גרופּע צוריקגעקומענע יאַווערעווער פון רוסלאַנד שטעלען זיך אָב אויף אַ ווייל אין זייער היימשטעטעל
און שטעלען אויף אַ מצבה אויפ'ן מאסען קבר פון די יאַווערעווער קדושים... און וואַנדערען ווייטער.

עס לעבן נישט מער קיין יידן אין אַלטן יאַוועראָוו — עס איז אויך דאָ נישט מער פאַראַן אַ בית־עולם אויף וועלכן אַ איבערגעבלי־בענער פון די לעצטע יאַוואָראָווער יידן וואָלט געקאָנט אַמאָל זאָגן קדיש און לאָזן אַ טרער —

אין פיר ברידער־קברים אויפין בערגל צווישן די סאָסנעס ביים וועג קיין פאָרודנע רוען מיט אַ פריצייטיקער אייביקער רו טויזנטער אונז טייערסטע און נאָענטסטע — — ווען עס אָנדענק איך וויל אין די דאָזיקע בלעטלעך שטעלן אַ מצבה — — —

***

די דאָזיקע מאָנאָגראַפיע וועגן לעבן פון די יאַוואָראָווער יידן אין דער צייט פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע און זייער ליקווידאַציע און פול־שטענדיקן אומקום, איז געשריבן הויפּזעכליך אויף גרונד פון גבֿועת־עדות פון די יעניקע, וועלכע האָבן זיך צוגעקוקט פון דער נאָענט צו דעם אַלעמען, וואָס די יידן זיינען אונטער דער דייטשער הערשאַפט אויסגעשטאַנען. די קנאַפּע קאָרעספּאָנדענץ פון דער יאַוואָראָווער יידישער זעלבסט־הילף מיט דער יידישער „יי. או. ס.״ יידישער אונטערשטיצונגס שטעלע אין קראָקע, וועלכע געפינט זיך אין דער וואַיעוואָדישער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין קראָקע, וואַרפט אויך אַ ביסל ליכט אויף די פאַרהעלטנישן אין יאַוואָראָוו בשעת דער אָקופּאַציע.

איך האָב זיך געשטעלט די אויפגאַבע צונויפצוזאַמלען וואָס גיכער אַלע מעגליכע מאַטעריאַלן און ידיעות וועגן דער אָקופּאַציע תקופה אין יאַוואָראָוו, ווייל די רעפּאַטריאַנטן כוואַליע איז גיך אַדורכגעגאַנגען און די ווייניקע אויסגעבליבענע עדות פון דער טראַגעדיע פון דער יאַוואָראָווער „יודנשטאַט״ זיינען זיך צעפאָרן איבער דער וועלט און ס׳האָט געקאָנט פּאַרפּאַלן גיין אויך דאָס קנאַפּע, וואָס עס איז נאָך מעגליך געוועזן זיך צו דערוויסן.

איך האָב געשטרעבט אָפּצוגעבן כראָנאָלאָגיש אַלע עטאַפּן פון דער מאַר־טיראָלאָגיע פון די יאַוואָראָווער יידן. אַלע דאָ אָנגעגעבענע פאַקטן און עפּיזאָדן זיינען אויטענטיש.

איך דאַנק אויך אויף דעם אָרט אַלע די, וועלכע האָבן מיט זייערע מאַטער־יאַלן, גבֿועת־עדות, דאָקומענטן און פאָטאָגראַפיעס מיטגעהאָלפן צו שאַפן אַ בילד פון׳ם לעבן און פון דער ליקווידאַציע פון די יידן אין יאַוואָראָוו אין דער תקופה 1939—1940, און בפרט דעם אינזש. ישראל מאַנבער, יונה בער, רחל שער, יהודה מעצלער, וואָלף האָכבערג, עמנואל נאָס און חיים שאָץ.

שמואל דרוק

# חסיד׳ישע פערזענליכקייטען אין יאַוואָראָוו

פון הרב אדמו״ר ר׳ אלימלך האָרוויץ

לערך תרי״ג איז געבוירען געוואָרען הגאון הצדיק ואיש פלא הרבי ר׳ **אלימלך** מיאַוואָראָוו אין בעלז ,בבית א״ז הגה״ק מהר״י זי״ע זיין מוטער די באַרימטע אײדעלע, וועגען וועלכע עס געהען אַרום פיל לעגענדעס, אַז איר גרויסער פאָטער האָט אויף איר געזאָגט אַז זי איז פאַררעכענט ווי אַזון און עס פעלט איר ניט מער ווי דער רבי׳שער ספאָדעק. און ווי באַקאַנט איז על פי דין אַז טעכטער קומט ניט קיין ירושה, נאָך ביי איר איז געמאַכט געוואָרען אַן אויסנאַם און באַקומען אַ חלק גלייך מיט די זיהן. איר מאַן זיין פאָטער הגה״צ ר׳ **איציקעל** איז געווען אַ זוהן פון רבי **אלימלך** סאָקאָלאָווער רב אַ זוהן פון רבי׳ן ר׳ **אשר** מרופשיץ ממלא מקומו של הגה״ח רבי ר׳ **נפתלי** מרופשיץ זייענדיג אַ קינד פון קוים 2 יאָהר איז ער נאָך אַן עפּידעמישער פּאָקען-קראַנקהייט גענצליך בלינד געוואָרען, אַזוי אַז נור 2 אויגען-לעבער זיינען אים געבליבען. און ווי אַלטע חסידים האָבען דערציילט, אַז זיין גרויסער זיידע אויפ׳ן ווײ-געשריי פון זיין טאָכטער, די מוטער פונ׳ם קינד, האָט ער איר געזאָגט: האָב קיין מורא, איך בין דיר מבטיח אַז עס וועט אים צו גאָרניט שטערען זיין בלינדקייט. און עס איז טאַקע אַזוי געווען. עס איז ממש געווען אַ רעטעניש וועלכעס נאָך היינט איז דאָ פיל פיל אידען וועלכע געדענקען דאָס וואונדער. זייענדיג לחלוטין בלינד האָט ער געדענקט ממש ש״ס בעל-פה, דער-קענט מענשען, געגאַנגען פיל מאָל אַן אַ באַגלייטער, געווען אַ מבין אפילו אויף אַלעם. דיימאַנד סוחרים זענען געקומען אים פרעגען מבינות אויף זייער סחורה. געווען אַ טייערע בעל-תפלה. אין די ימים-נוראים האָט ער געדאַווענט די תפילות פון אויסענווייניג פון אדון עולם ביז אדון עולם.

נאָך דער פּטירה פון זיין מוטער די גרויסע צדיקת, איז ער אַוועק קיין שעברעשין (פוילן) וואו ער איז אויסגעוואַקסען פאַר אַ גרויסען רבי׳ן. טאָג און נאַכט איז דאָס שטעטל געווען פיל פון פילע חסידים און חסיד׳ישעס פון דער גאַנצער סביבה אַרום ווי אויך פיל פאַר-שטייער פון דער דאַמאַלסדיקע פרעסע זיינען געקומען זעהן דאָס גרוי-סע וואונדער פונ׳ם זעהענדיגען סגי נהור.

לערך אין יאָהר תר"ן ווען עס איז אַרויס די גזרה פון דער צאַרי־שער מאַכט אַז אַלע עסטרייכישע בירגער זאָלען פאַרלאָזען דאָס לאַנד. איז ער געצוואונגען געוואָרען צוריק צוקומען אין דעם דאַמאַלסדיקען עסטרייכישן גאַליציע און זיך באַזעצט אין שטעטל יאַוואָראָוו. אויך דאָ האָט ער געהאַט פיל אַנהענגער. און חסידים זיינען געלאָפען פון אַלע זייטען כדי צו געניסען פון זיינע מופתים און ישועות.

פון זיינע וואונדער איז כדאי צו פאַרצייכנען פאָלגענדע:

קומענדיג אויף אַ רבי'שע חתונה אין רוסלאַנד פון זיין ברודער'ס טאָכטער מיט'ן קוידענעווער צדיק'ס זוהן איז ער ממש געווען די סענסאַציע פון דער ליטע. און מען דערציילט אַז ביים קבלת פנים איז אויך געקומען בתוך הבאים דעם ליטווישען רבי'נס גבאי'ס זוהן. פרעגט ער אים: „אַ גבאי'ס אַ זוהן טראָגט אַ לאַקשען־ברעטעל? (דאַמאָלס האָבען געטראָגען יונגעלייט וועלכע שמעקען שוין מיט השכלה אַזעלכע פאַרלאַנגעס איבער'ן העמד וויים און שטייף געפרעסט און בדרך הלצה האָט מען עס אָנגערופען לאַקשען ברעטעל).

אַמאָל קומענדיג אין טשעכענאָוו האָט ער באַזוכט דעם דאָרטיגען רב וועלכער איז געווען זיינס אַ קרוב האָט זיך צו אים דער טשעשענאָווער רב געווענדעט מיט אַ פראַגע, צי עס געפעלט אים זיין הויז וועלכעס איז ערשט נים לאַנג אויסגעבויט געוואָרען. האָט ער אים געזאָגט: עס איז זייער פיין נאָר אַ ביסעל בטלנ'יש געבויט איין פענ־סטער איז נידריגער פון אַנדערען. און ווען מען האָט נאָכגעמאָסטען האָט מען אויסגעפונען אַז מיט עטליכע סענטימעטער איז דער חילוק פון איין פענסטער צום צווייטען.

אַן אינטערעסאַנטער פאַל: זיינע אַלע אַנדערע חושים זיינען גע־ווען אַזוי שטאַרק אַנטוויקעלט אַז נעמענדיג אַ זאַך אין דער האַנד, האָט ער אָפגעשאַצט דעם ווערט דערפון. דיימאַנדס האָט ער גענומען צווישען די ציינער און גלייך געזאָגט אַלע מעלות און חסרונות פון זיי. הה"ק מאַסטילאַ האָט דערציילט: אַז אויף זיין חתונה אין בעלז האָט מען געדאַרפט קויפן אַ בריליאַנט פאַר דער כלה האָט דער שוועער דער בעלזער רבי זצ"ל געהייסן פרעגען מבינות דעם יאַוואָראָווער רבי'ן. האָט ער גענומען דעם בריליאַנט צווישען די ציינער און געזאָגט אַז דער שטיין איז ווערט 200 רייניש נאָר אַזוי ווי ער האָט אַ חסרון זאָל מער נים צאָהלען ווי 80 און אַזוי איז טאַקי געווען. דער סוחר האָט זיך געהייסען געבען 200 און צוליב זיין פעהלער גענומען נאָר 80.

עס וואָלט געווען פיל צו דערציילען נאָר עס איז ניט דער פּלאַץ דערצו אין תרס"ה ח' מרחשון קומענדיג אויף אַ באַזוך קיין בעלז מיטנעמענדיג זיין קיטעל און אפילו אַביסעל ארץ־ישראל ערד אַזוי אז קיינער פון זיין ב"ב האָט דערפון ניט געוואוסט און פּלוצים נדחו אראלים את המצוקים ונשבה ארון אלקים כ' מרחשון תרס"ה. און מען האָט אים געלייגט ביי זיין גרויסען זיידען. און פיל פיל טויזענטער אידען האָבען באַגלייט דעם צדיק למנוחת עולם.

**ת נ צ ב " ה.**

* * *

זיין ממלא מקום איז געבליבען הרה"צ ר' **פייוויש** הי"ד וועמען די נאַצישע רשעים ימח שמם וזכרם האָבען אומגעברענגט אין תש"ג אין בראָדי. ער איז געווען אַ גאון וצדיק יסוד עולם אַלע זיינע יאָהרען געווען אַ גרויסער בעל־יסורים אַמאָהל ביי אַן אָפּעראַציע ביים באַ־רימטען ווינער פּראָפעסאָר ניימאַן, האָט ער געזאָגט אז ער קען עס ניט פאַרשטיין אז אַ מענש מיט אַזעלכע שמערצען זאָל קענען אַזויפיל זיצען און לערנען. אין יאַוואָראָוו האָט קיינער קיין שום זאַך ניט געטאָן אָהן זיין עצה. ער האָט געהאַט אַ גאונ'ישען מוח און אונגע־וויינליכע חכמה. אַלעס מיט'ן בייוואָרטעל און קליגען שמייכעל. ליב געהאַט יעדען איד אהבת נפש אפילו דעם פחות שבפחותים. זיצענדיג ביי אַ טיש שבת אָדער יום־טוב האָט זיך ממש געשיט פּערל פון זיין הייליג מויל ממש אַ ים פון חכמה און פון חסידות. אים הערענדיג האָט מען זיך איינגאַנצען פאַרגעסען עס האָט אויף געהערט צו עקזיסטירן רוים און צייט און עטליכע שעה זיינען אַוועק כהרף עין.

**זכר כלם לברכה ת נ צ ב " ה.**

# יאַוואָראָווער חסידישע פּערזענליכקייטן

צוגעשיקט פון הרב אדמו"ר ר' יצחק רובין שליט"א

און דאָ גיבען מיר אַ מיעוט שבמיעוט אנשים החשובים ותלמידי חכמים היותר גדולים והמפורסמים פון יאַוואָראָוו:

הרב ר' יוסף באַמבאַך, מחבר פון פיל ספרים, נאָר מחמת אָרים־קייט האָט ער ניט זוכה געווען זיי אָפּצודוקען. ער איז געווען דער פאָטער פון הרב הגאון ישעי' פנחס באַמבאַך, אבדק"ה אוישוויציען.

הרב הצה"ק ר' אלימלך.

הרב יצחק מאַנד, זון פון מיקאָלייעווער רב און איידים פון ר' שלמה זימעל.

הרב ר' הערשל קלאָרפעלד און זיין זון ר' יוסף, וואָס האָבן גע־שמ'ט מיט זייער לומדות.

ר' איטשע למדן, בעל מחבר פון אַ ספר איבער רמב"ם הלכות פסח.

הרב ר' בעריש דאָברים.

ר' לייבעלע בויגען, אַ גרויסער תלמיד חכם.

ר' יוסף מיזעש.

ר' מאיר גלאַס הכהן.

ר' שואל באַרזאַם.

ר' אברהם סיגעל, באַוואוסט אַלס דער טשערצער מלמד, וואָס האָט מהנך געווען אַ סך לומדים און גדולי תורה. ר' משה אדלער הכהן אַזן ר' יהודא וואָלף שטרייטפעלד, וועלכע זיינען אויך געווען באַ־רימטע מלמדים.

הנגיד המפורסם ת"ח ר' הערשעלע מאַגריבער.

ר' צבי פּרנס.

ר' מנחם מאיר בערטיק.

ר' פייוויש שאַל.

ר' לייבוש בויבריקער.

ר' יוסף שער, לאַנג־יעריגער גבאי אין דער חסידישער קלויז.

ר' שלום פערבער, דער לעצטער בעל קריאה און מוהל פון יאַוואָ־ראָוו.

**זכר כלם לברכה תנצב"ה.**

# יאַוואָראָווער אין אַמעריקע

די געשיכטע פון די יאַוואָראָווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע הויבט זיך אָן מיט אַן ערך אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק. דאָס הייסט, יאַוואָראָווער איינגע־וואַנדערטע אין אַמעריקע זיינען שוין געווען אַ היבשע צייט פריער, נאָר מיט אַ פופציג יאָר צוריק הויבט זיך אָן אָן אָרגאַניזירטע טעטיגקייט פון יאַוואָ־ראָווער אין אַמעריקע. אין יענער צייט האָט זיך געגרינדעט דער „ערשטער יאַוואָראָווער קראַנקן ־ אונטערשטיצונגס ־ פאַראיין". דער צוועק איז גע־ווען געגנזייטיגע שטיצע, און אויך מיט בשותפות'ע מיטלען צו שאַפן אַ שול צום דאַוונען. די שול איז אָנגעהאַלטען געוואָרן אַ סך יאָר, ביז די שטאָט ניו־יאָרק איז צעוואַקסן און די יאַוואָראָווער לאַנדסלייט האָבן זיך צעשפּרייט אין פאַרשיידענע געגענטען.

מיט אַ פופצען יאָר שפּעטער האָט זיך געגרינדעט אַ צווייטע יאַוואָראָ־ווער לאַנדסמאַנשאַפט, די „אינדעפּענדענט יאַוואָראָווער אַסאָסיאיישאָן". דעם 27טען יוני, 1948, האָבן די צוויי זיך פאַראייניגט אונטערן נאָמען: „ערשטע יאַוואָראָווער אינדעפּענדענט אַסאָסיאיישאָן".

אין יאָר 1930 איז געגרינדעט געוואָרן די „ערשטע יאַוואָראָווער ליידיס אוקזיליערי". די באַדערפעניש פון אַזאַ ספּעציעלער פרויען־אָרגאַניזאַציע איז אויסגעוואַקסן ווען ס'איז געוואַקסן די באַדערפעניש צו פאַרשטאַרקן די רע־ליף־טעטיגקייט אין אַמעריקע פאַרן אַלטן היימשטעטל. דאָס איז געשען דורך דער השפּעה פון הירש (הערי) פרענקעל, דעם זון פון דעם יאַוואָראָווער רב, דעם קדוש ר' אלימלך פרענקעל זצ"ל. מר. הערי פרענקעל איז דעמאָלט גע־קומען קיין אַמעריקע און האָט אויפגעקלערט די היגע לאַנדסלייט וועגן די גרויסע נויטן פון זייערע ברידער און שוועסטער אין זייער אַלטער היים.

אין יאָר 1939, נאָך יענעם שרעקליכען יאָר וואָס האָט געזען דעם אָנהויב פון דעם חורבן, איז אויף פסח אַוועקגעשיקט געוואָרן $1,400 קיין יאַוואָראָוו אויף מצה. די קאָמיטע וואָס האָט דאָס געלט אַוועקגעשיקט איז דעמאָלט באַ־

שטאַנען פון שלמה שטרייטפעלד, מרס. מערי ווייסמאַן, סעקרעטערין פון דער לײדיס אוקזיליערי און בנימין אייכעל ע״ה. די דריי האָבן פאָרטראָטן די דריי יאַוואָראָווער סאָסייעטיס.

אומפאַרגעסליך פאַר די יאַוואָראָווער לאַנדסלייט וועלען בלייבן די טעג און די סצענעס ביים שיקען אַהיים יעדען יאָר מצה אויף פסח. מיט וואָכען פריער פלעגען זיי זיך דורכשרייבען מיט׳ן רב און מיט׳ן רבי׳ן פון יאַוואָראָוו, און יענע פלעגען שיקען ליסטעס פון די נויטבאַדערפטיגע משפחות אין שטאָט. געוויינליך פלעגט די צאָל דערגרייכען פון דריי ביז פיר הונדערט.

דעמאָלט פלעגט ווערן לעבעדיג אין די הינטערשטע צימערן פון דער מילינערי־סטאָר (דאַמן־הוט־געשעפט) פון מר. הערי גרונט און זיין פרוי רעי גרונט. מען פלעגט זיך צונויפקומען אַהין און אויסשרייבען געלט־באַשטעלונגען דורך דער פאָסט פאַר יעדען איינעם פון די אדרעסען, יעדען איינעם אַהיים, כדי ס׳זאָל זיין מתן בסתר, קיין אַנדערער אין יאַוואָראָוו זאָל ניט וויסען ווער ס׳האָט געקראָגען פון אַמעריקע אויף מצה, כדי שלא לבייש. די אַרבייט פון שרייבען די אַדרעסען פלעגט געוויינליך פאַרנעמען עטלאַכע אָוונטען, און דאָס איז שוין געווען די חזקה פון פאָלגענדע געטרייע טוער : ר׳ דוד שאַרף, היינט שוין אויפ׳ן עולם האמת; בערנאַרד קליין, אויך שוין ע״ה; יצחק דארמאן ע״ה; חיים מינץ ע״ה; משה ערענבוים ע״ה; קלמן לינדענבערג ע״ה, און בנימין אייכעל ע״ה; חיים שער ע״ה; און יבדלו לחיים: אהרן מאמבער, משה שניידער, משה העמערלינג, שלמה שווארץ, דוד קליין, מלך זימערמאַן, מאיר קאַריסקי, משה נוסדאַרף, שלמה שטרייטפעלד, פאליק שילד־האָרן, אייזיק קייזער, לעאָן שלאָם, חיים שרענק און דוד סערבער. אַזוי איז געווען יאָר איין יאָר אויס, פון 1920 ביז סאָמע 1939, דאָס יאָר פון גרויל.

די הינטערשטע צימערן פון מר. און מרס. הערי גרונט׳ס סטאָר פלעגן אין יענע נעכט פאַרוואַנדעלט ווערן אין אַן אמת׳ער אברהם אבינו׳ס הויז. די דערמאָנטע אַדרעסען־שרייבער פלעגען קומען אַהין גלייך פן זייער אַרבייט און דאָ פלעגט שוין פון זייערטוועגען זיין צוגעגרייט עסען און טרינקען פון דער ברייטער האָנט. דאָס איז געווען די חזקה פון די גרונטס.

און אומבאַשרייבליך איז געווען די פרייד פון אַלעמען ווען נאָך יום־טוב פלעגען אָנהויבן אָנקומען די בריוו פון די מקבלים אין יאַוואָראָוו, באַשרייבענ־

דיג דעם נחת און די שמחה וואָס דאָרט איז געווען, ווען עס זיינען אָנגעקומען די הונדערטער מתנות אויף פּסח.

באַלד נאָכ'ן אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אויף דער איניציאַטיוו פון שלמה שטרייטפעלד געגרינדעט געוואָרן דער „יונייטעד יאַוואָראָווער רעליף". מען האָט זיך גענומען גרייטען, מ'האָט געהאָפט אַז די מלחמה וועט ניט דויערן לאַנג, און דער עיקר — מ'האָט געמיינט עס וועט זיין וועמען צו העלפען. ליידער איז געבליבען נאָר אַ קליין הייפל, צעוואָרפן איבער פאַרשיידענע לאַגערן, צעזייט איבער דער וועלט, און שפּעטער אַ טייל אין ארץ ישראל.

די יאַוואָראָווער אין אַמעריקע זיינען אויך נאָר אַ קליינע צאָל, פונדעסט־וועגן, ביז'ן יאָר 1949, האָבען זיי אוועקגעשיקט אַן ערך $25,000 דירעקט צו לאַנדסלייט, וועמען אין מזומן געלט, וועמען, קאַליקע־געוואָרענע אין דער פאָרם פון אַ קינסטליכער האַנט אָדער פוס, פּעקלאַך פאַר די. פּי.'ס אין די לאַגערן, און קיין ארץ ישראל אויף פסח תש"ט פסח'דיגע פּעקלאַך אויף דער סומע פון $1,400. חוץ דער הילף דירעקט צו די אייגענע לאַנדסלייט איז נאָך געגעבען געוואָרן $2,000 צום „יונייטעד דזשואיש אַפּיל".

זאָלען דערמאָנט ווערן צום גוטען און אייביגען אָנדענק אַלע יאַוואָראָווער אין אַמעריקע פאַר זייערע גוטהאַרציגע ביישטייערונגען צו דער הייליגער זאַך, און גאַנץ באַזונדערס די וואָס האָבען זיך עוסק און מטפּל געווען טאָג־טעגליך ביים אָרגאַניזירן און דורכטראָגען אויף זייערע פּלייצעס די „שוואַר־צע אַרבייט". דער ערשטער פּרעזידענט פון דעם „יונייטעד יאַוואָראָווער רע־ליף" איז געווען מר. סעם שוואַרץ; סעקרעטאַר מר. בערנאַרד קליין ע"ה. דערנאָך איז געווען פּרעזידענט מר. איזי שוואַרץ, סעקרעטאַר סעם פישלער. דערנאָך איז געווען פּרעזידענט מר. הערי פּרענקעל, נאָך אים — מר. בעני נוסדאָרף, און היינט, ווען די שורות ווערן געשריבען, איז דער פּרעזידענט מר. שלמה שטרייטפעלד, סעקרעטאַר מר. סעם פישלער, און טרעזשורער מר. סעם דאָרנשטיין, וועלכער האָט אין זיין געזעלשאַפטליכער אַרבייט גע־פונען אַן אמת'ע עזר כנגדו אין זיין פרוי רעי דאָרנשטיין. די פאַמיליע דאָרנ־שטיין האָט פאַר זיך גענומען אַ גאַנץ באַזונדערע ראָלע אין דער רעליף־אַר־בייט, וואָס דאַרף דערמאָנט ווערן מיט באַזונדערער אָנערקענונג. זייער גע־שעפט איז, נעמליך, „קייטערינג", דאָס הייסט, זיי אַראַנזשירן באַנקעטען,

